חיים לייב פוקס
פּאַריז 57


חיים לייב פוקס


# שעה פון ליד

## לידער און פּאָעמען


ביכער פון יידישן פּען־קלוב
אַרויסגעגעבן מיט דער הילף פון דער קולטור־אָפּטיילונג
ביים „דזשוינט“ אין פראַנקרייך

1951 פּאַריז

# יזכור...

מיין טייערער מאַמען ראַדע־שמחה בת ר' חיים־יהודה
פון דער גזע פון ר' אברהמלע טשעכאַנאָווער;
מיין שוועסטער פריידע־שרה מיט מאַן משה דיאַמענט
און זייער טעכטערל רחלע פון לינטשיץ;
מיין שוועסטער הינדע־גיטל;
מיין שווער און שווינגער ר' יצחק און יוטע גרינבוים
פון קאָנין;
מיין שוואָגער דוד און זיין פרוי מרים און זייערע קינדער
שמואל, פייוול און בלימע;
מיין שוואָגער שמואל און זיין פרוי העניע און זייערע
קינדער חנה־גיטל און שלמה־זלמן;
מיין שוואָגער שמחה און זיין פרוי לאה;
מיין שוועגערין הינדע און איר מאַן מאיר און זייער
טאָכטער חיה־בלימע;
מיין שוועגערין פערל און איר מאַן וואָלף און זייערע
קינדער אסתר, חנה־גיטל און פייוול;
מיין שוועגערין שיינע - בלימע און איר מאַן אריה;
מיינע פעטערס און מומעס און מיין גאַנצע משפחה
הן מצד אבי והן מצד אמי והן מצד מיין פרוי;
מיינע חברים, פריינט און באַקאַנטע
די טייערע יידן פון מיין היים־שטאָט לאָדזש און די
טייערע יידן פון די האַרציקע שטעטלעך לינטשיץ,
קאָנין, און קאַליש, וואָס זענען אומגעקומען על קידוש־
העם ועל קידוש־השם אין די פינסטערע יאָרן פון
ת"ש ביז תש"ה דורך די דייטשע רוצחים הי"ד. אמן.

# יזכור

געדענק זיי גאָט, אַזוי ווי זיי האָבן אין דיר געדענקט,
אַזוי ווי זיי האָבן צו דיר געבענקט
יעדע מינוט פון זייער טאָג, וואָס איז געווען נאַכט,
יעדע רגע פון זייער לעבן, וואָס איז געווען טויט.
און אויפן טויטס לעצטע טרעפּ,
די פאַרפייניקטע, פאַרבלוטיקטע קעפּ
זיי האָבן צו דיר, צו דיר געהויבן —
זיי דיר פאַרטרויט.

געדענק זיי גאָט,
די אַלע קינדערס לעצטן אויגן-בליץ,
ווען ס'האָט זייער בלוט געשפּריצט
אויף שטיינער
און ס'האָט דער חלף צעשניטן אויף צוויי
דאָס וואָרט מאַמע אויף מאַ...
צו דיר, צו דיר אַליין נאָר
ווי ס'וואָלט דער ווײ
געשריגן: שמע!

אָ, גאָט, מיין גאָט!
דו, וואָס קיין שום זאַך דו פאַרגעסט נישט,
פאַרלעש נישט
די לעצטע טרער פון מיין מאַמען אין יענע טעג,
ווען זי איז אַרויס צום לעצטן, לעצטן וועג,

און ס׳איז צו דיר געווען געוואנדעט
איר לעצטער טרוים.

ביי מיר אין האַרץ איר ליכט עס ברענט
און כ׳בעט ביי דיר מיט ציטערדיקע הענט:
דאָס בלוט פון אונזער פאָלק —
י ז כ ו ר ,
נ ק ו ם !

# געבעט אין 1942

גאָט פון ערשטער פינצטערניש, פון אין־סוף,
דערהער מיך. מיין פאָלק, ווי די שאָף
גייט אין חלומדיקן שלאָף
צו דיר!

באַריר
מיט דיין מינדסטן שאָטן די זון,
און זאָל פלייצן חושך אַרום און אַרום
און זיין זאָל אַלעס טויט און שטום!

דריים אַוועק די ערד פון אונטער די טריט,
ווי ס'רייסט זיך דאָס לעבן איצט פון אַ ייד...

דעק־צו דאָס ליכט. עס דאַרף עס איצט קיינער.
דו ביסט געווען. זיי ווידער אַליין נאָר,
און דיינע געוויינען
קענסטו זען דאָך אין דער פינצטער...

# באלאדע פון מיין מאמעס יידיש בריוועלע

עס טרינקען מיט וויין זיך אָן מיינע שויבן,
דער טאָג ווערט פארלאָשן.
אויף פליגל פון חלומס שוועבנדיקע טויבן, —
מיין מאַמעס יידישער לשון.

ווי קליינע קינדער די אותיות שטייען,
שעמעוודיקע, שטילע.
די מאַמע רופט זיי און זיי גייען,
צום בורא מיט אַ תפילה.

פּאַמעלעך גייט איר גאַנג אַ „ג",
די „ל" לויפט געשווינד.
און ס'פליט אַרויף אַ „ה" צום הימל,
שנעלער פון „וו" — דער ווינט.

די „ט" פארטרויט פאַר איר דעם טרויער,
ווי אַ מיידלשער סוד.
די „ש" געדרייט — אָן אָפן אויער,
הערט אירע טענות צו גאָט.

די „ק" געהויקערט, ווי אַ פּלייצע,
צו שלעפּן דעם עול פון דער וועלט —
דאָס קליינע יידעלע נאָר דרייט זיך,
ווי ס'וואָלט אים עפּעס געקוועלט...

דערזעט עס די מאַמע — פאַרשטייט זי,
אַז ס'איז אים ווי און ווינד.
די שווערע הענט צעשפּרייט זי,
און נעמט אים ווי אַ קינד.

איז גוט און וויל אים, יידלען,
ער וואַקסט און איז שוין גרויס
און ס'האָט דער חלום אויף אָוונטס פידלען
אָפּגעשפּילט און איז אַרויס...

ס'ווערט ליכטיק אין צימער, עס צינדן
זיך אָן די טירן, די ווענט.
און ס'זענען שוין ווידער פאַרשווינדן
מיין מאַמעס גאָלדענע הענט.

איך לייען דאָס קליינטשיקע בריוול,
מיין מאַמעס יידישע שריפט.
און ס'ציטערט דאָס לייטיקע שטיבל,
ווי פאָרן עס וואָלט אויף אַ שיף.

מיין האַרץ פאָרט אין ווייטע מקומות
פון וואַנען קיין צוריק איז נישטאָ.
ב'ווער רויק און גיי אויס אינם קוימען,
ווי ס'גייט אויס מיין איצטיקע שעה.

# 19־טער אפריל

היל מיך איין אין דיינע פלאַמען, אַ וואַרשעווער געטאָ,
יאָז מיך אויסגיין אין אויפשטאַנד מיט געווער אין דער האַנט.
כ'וויל אַ לעצט מאָל מיט פייער אויסשרייען מיין וועטאָ,
מיט מיין קול כ'וויל פאַרשרפען די פיינלעכע שאַנד.

אין די נעכט כ'האָב געציטערט, געהאָפט און געבעטן,
אַז ס'וועט קומען די שעה און כ'וועל דאַרפן פאַרגיין,
זאָל איך נישט זיין ווי דער וואָרים, כ'זאָל ווערן צוטרעטן;
נאָר טויט פאַר מיין טויט און פיין פאַר מיין פיין!

עס פאַרסמט מיך דער ווייטיק און עס פייניקט די חרפּה,
די מיליאָנען געשאָכטן, ווי שאָף און ווי רינד.
טאָ וויל איך מיין לעבן, ווי אַ וואָרענונג וואַרפן:
אַ קאָפּ פאַר אַ קאָפּ, פאַר אַ פרוי, פאַר אַ קינד.

איך ווייס: ס'איז מיין לעבן נאָר איינציק און איינמאָל,
דאָך איז מיר קיין שאָד נישט דער טויט, וואָס קומט אָן.
ס'איז פול. און איך קאָן שוין נישט זיין מער אין פיין־טאָל,
דאָס בלוט פון קדושים — עס רופט און עס מאָנט.

עס בליקן צעשראָקענע אויגן פון צווישן די שפּאַלטן,
אין רגעם אין לעצטע צווישן פייער און בראַנד.
— נישטאָ אַזאַ קראַפט, וואָס זאָל קענען אָפּהאַלטן
מיין געווער, ווי מיין קינד, וואָס איך טוליע אין האַנט.

טאָ הייליק זיי ביקס מיר, גראַנאַט, זאָלסט נישט שוינען
מיין גוף, אויב שוואַך וועל איך ווערן אין לעצטער מינוט.
— אַ טויט כ'שיק דעם טויט, — איך שטאַם פון בריונים,
און צאָל אָפּ מיט בלוט פאַר פאַרגאָסענעם בלוט!

# מייז מאמע צינדט ליכט

שטיל אין שטוב אין יעדן ווינקל
פון די דיקן ביז די ווענט.
מיר, די קינדער מיט אַ ציטער
בליקן אויף דער מאַמעס הענט.

ווייסער זענען זיי געוואָרן
אין דער שבתדיקער שעה.
פון די ליכט, וואָס אָנגעצונדן,
לייכטן זיי אין שבת־רו.

ס׳האָט דער שבת דאָ געגידערט
פון די הימלען שטיל אַראָפּ.
און עס דוכט מיר: כ׳זע ווי שטראַלן
ציען זיך פון מאַמעס קאָפּ

און זיי שפּרייטן זיך פאַנאַנדער.
פון דער מאַמעס הויב פון הענט
ווערן ליכטיק אַלע ווינקלען,
ווערן העלער אַלע ווענט.

צו דער מאַמעס שטילער תּפילה,
אונזערע הערצער קלאַפּן הויך.
און עס דוכט מיר: כ׳זע, ווי עמעץ
נייט אַרויס פון בלויען רויך.

— ס'איז משיח! פון אים געחלומט
האָבן מיר אַ גאַנצע נאַכט.
אויסצולייזן פון די פּיינען,
האָט דער שבת אים געבראַכט.

—ס'לייכט זיין פּנים, זיינע אויגן
פלאַמען פייער זענען זיי.
און זיי קוקן מילדע, גוטע,
פון די מאַמעס ליכט די צוויי.

און זיי רעדן שטילע ווערטער
ווי מיין מאַמע האָט גערעדט.
זע: מקוים איז געוואָרן
שוין דער מאַמעס שטיל געבעט.

אויסגעלייזטע פון די פּיינען,
זינגען מיר דאָס שבת־ליד.
ס'האָט די מאַמע ליכט געצונדן,
זיך פאַר אונזער פאָלק געמיט.

# יידישע קינדער גייען צום טויט

(די קינדער פון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע)

ווען מען האָט זיי אין רייען געטריבן צו טויטן —
איז הימל געווען אַ פאַרשעמטער און רויטער.

עס האָבן די בוימער צעשאָקלט די צווייגן,
ווי אין מורא דאָס אַלץ אין־זיך צו פאַרשווייגן.

געשריגן, גערופן, ווי מיט אַ מענטשלעכן לשון:
זייט עדות, ווי ס'וועלט אונזער לעבן פאַרלאָשן.

די הינדעלעך קליינע אין די הילצערנע שטייגן,
די קעפּלעך אין ציטער, זיי האָבן געבויגן.

די הינערישע בליקן, צו די קינדערישע בליקן,
אין פייכטלעכער ערד, גענומען דערשטיקן.

נאָר די העזעלעך ווייסע מיט די לענגלעכע אויערן,
נישט האָבן געוווסט, ווי אַזוי צו טרויערן.

אַז זיי זענען אין אימה אַרויס פון די שטיבער,
צום לעצט־מאָל אַרויס פון דער היים דער ליבער...

די בעטעלעך שטומע זיי האָבן געשוויגן,
דאָס שפּילוואַרג, ווי טויטע, זיי זענען געליגן.

די טישלעך, די שטולן, די בענקעלעך קליינע,
זיי האָבן געוואָלט, — נישט געקענט זיך אויסוויינען.

ווען זיי זענען אַדורך די דראָטענע פּלויטן,
געגאַנגען דעם וועג, וואָס פירט זיי צום טויטן,

באַוואַכטע פון דייטשן מיט ביקסן געגרייטע —
האָבן זיי זיך געטוליעט איינער צום צווייטן.

אַז זיי זענען אַריין אינם טונקעלן וועלדל,
האָט די זון שוין פון הימל, פון ערגעץ אַ שפּעלטל,

געבליקט אויף די קינדער, געבליקט אויף די דייטשן,
וואָס האָבן די ביקסן צום שיסן געגרייט שוין.

מיט רוצחישער קאַלטקייט געקלאַפּט אויף די צינגלעך
— פון אַלע פיר זייטן די קינדער גערינגלט.

אַז ס'זענען די ערשטע דערשאָסן געפאַלן,
האָט האַסטיק די נאַכט געגומען צופאַלן —

אַ קאַלטע לבנה, ווי אַ פּנים פול קנייטשן,
האָט בייז און דערצאָרנט געוואָרנט די דייטשן...

# מיר צינדן ליכט

—האָסט פאַרצווייפלט? זאָג, באַפרייער.
שווייגסט צו קייטן צוגעבונדן.
דורך די נעכט מיר שיקן גרוסן,
זע, מיר האָבן ליכט געצונדן.

זעסט, עס פינקלט ווי אַ שטערן?
— אונזער האָפנונג פינקלט שענער.
אויפן האַרץ פון שוואַרצסטן גלות,
שפּילן מיר פון זיין די טענער.

קומט אַ ווינט פון בבלס טייכן,
פלאַמט דער טרויער די געזיכטער.
שווייגן מיר, נאָר ס'רעדן ווערטער
אונזערע צעפלאַמטע ליכטער...

ליגסט געבונדן ביי די טויערן?
— אַלט עס איז שוין די געשיכטע;
דיך, מיר וואַרטן אַ באַפרייטן,
און מיר צינדן־אָן די ליכטער.

— זע, עס פלאַמען אונז די אויגן
פון דיין נאָענטקייט אומגעריכטער...
און מיר צינדן זיך ווי ליכטער,
מיר, פאַרמשפּטע און ריכטער...

# דער העלד

יאַנקעלע מענדעלזאָן, אַ יונגער „צוקונפטיסט״
— אַ בעל־מום, האָט אויף אַן אייגענעם אופן
געדינט דעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ.

ווען מען האָט אים געכאַפּט מיטן זעקל קאַרטאָפל,
אונטער וועלכן עס זענען די „בלעטלעך״ געלעגן,
איז זיין מוט נישט געפאַלן, געוואָרן נישט שפל —
זיין בליק האָט מיט שטאָלענעם ווילן געשוויגן.

ווען מען האָט אים געשלעפּט דורך די געסלעך און סקווערן,
צעבלוטיקט, צעשלאָגן, באַליידיקט, באַשפּיגן.
האָט ער רואיק געטראָגן זיין ווייטיק, דעם שווערן —
זיין בליק האָט מיט שטאָלענעם ווילן געשוויגן.

ווען מען האָט אים געשמיסן מיט אייזערנע ריטער
און שפּעטער געוואָרפן, ווי אַ פּאַק פון די שטיגן,
האָט ער נישט געקרעכצט, נישט געוויינט, נישט געביטערט —
זיין בליק האָט מיט שטאָלענעם ווילן געשוויגן.

ווען ס'האָט אים דער קעלער אין זיין פּיסק איינגעשלונגען
אַ שעה פאַרן טויט, אַ מינוט „צום באַזינגן״
זיין טריישאַפט, דורך קראַטן אַדורך האָט געזונגען —
זיין בליק האָט מיט שטאָלענעם ווילן געשוויגן.

ווען ער איז געשטאַנען שוין אונטער דער תליה
זיין מויל האָט צום לעצט מאָל געפּליסטערט אַ ניגון, —
האָט זיין בליק זיך צעהעלט, ווי ביי זאַנגען אין בליען —
צו קעמפן גערופן, געוועקט און געשריגן...

# אין די נעכט

עס ציטערט אין נעכט אויף די שויבן דער עכאָ,
פון ברידער דער לעצטער פאַרפייניקטער אחר.

אין שטילסטע געוויינען, אין דממה־דקות,
זיי קומען צו מיר, צעברענט און צעפלאַקערט.

צעצינדן דערפון זיך די שויבן און ברענען
מיט פנימער נאָענטע, איך זאָל זיי דערקענען.

ווערט ליכטיק דער תלל ביזן סוף פון די סופן,
און כ׳זע ווידער דאָס אַלעס, וואָס האָט אונז געטראָפן...

פאַרשעמט זיך מיין בליק, כ׳פאַרשטעל מיר די אויגן —
קומט אָן צופליען מיט קולות אַ פויגל,

די פליגל צעשפרייטע און ברייטע צעפעכערט
און איך הער אינם שרייען אין זיינעם, דעם אחר...

וועקט ער מיך אויף און איך עפן די אויגן:
— עס איז גאָר מיין מאַמע, עס איז נישט קיין פויגל —

און איך בין אַ קינד און זי לערנט מיך דעם אחר —
ער ציטערט דאָס איצט אויף די שויבן מיט עכאָס...

# א סדר נאכט

דעם הייליקן אָנדענק פון ר׳ הלל צייטלין ז״ל

א סדר־נאכט צופיסנס בערג,
די ווייס־פארשנייטע אלא־טאוער.
איך בין אליין און פיל ווי ס׳ווערגט
און קלאמערט מיך ארום דער טרויער.

שוין אָפן איז מיין שטוב פון ליים,
ראָ צווישן בערג אריינגעפרעסטע.
איך ווארט און וויל, עס זאָלן גיין
און קומען מיינע געסט דאָ.

עס זינגט דער ווינט מיין יום־טוב ליד,
איך ברום עס מיט אין טיפן טרויער.
דאָ צווישן בערג אליין — א ייד,
איך ווארט דעם צווייטן — אליהו׳ן.

פון הימל קלאָר, ווי זילבער ריין,
גייט־אויף לבנה, ווי א סדר־שיסל,
עס דוכט זיך מיר, אז עמיץ גייט,
און שנעל איך טו מיין כוס א גיס־אָן.

נאָר נישט פון ווין עס איז מיין כוס,
מיין בלוט פון הארץ אריין געטריפט איז.
איך ווארט און וויל א נייער א ו ת,
זאָל פון די בערג צו מיר א רוף־טאָן.

איך הויב דעם כוס און שטיל איך וויין
דעם טאַטנס ניגון. כ'ציטער: ש פ ו ך —
און פיל, ווי עמיץ זיפט מיין וויין,
ער גייט אַרויס פון בלויען רויך,

וואָס הילט מיך איין און נעמט ארום,
מיין פּריטש, וואָס איז, סיי בעט, סיי טיש מיר —
און ס'זינגט די שטוב אַליין און ברומט
דאָס ליד פון ש פ ו ך — אין לעצטן מ ש מ ר...

די נאַכט גייט־אויס אין בלייכן סוד,
מיט ווינט עס קומט דער טאָג צושוועבן.
איך פיל אין מיר דעם צייכן — גאָטס:
ב ד מ י ך ח י י! — מיין פאָלק, וועסט לעבן!

# בדמיך חיי

מיין פֿאָלק, מאַך פֿייכט די ליפּן מיינע מיט דיין וויין,
מיט וועלכן מען האָט אַמאָל ביים יידישן מיר פֿייכט געמאַכט
די ליפּן.
איך וויל אין מיינע לעצטע טעג פֿון בעכער דיינעם זיפּן —
פּ י י ן !

דער שונא לאַכט און שטשירעט זיינע פּרעכע ציין
און ס׳שרייען קראָען הפקרדיק צו מיר: דו לעצטער ייד!
נאָר איך פֿאַרזיי מיין קערנדל, אַז ס׳זאָל אויפֿגיין —
ב ד מ י ך ח י י !

עס שרייט דער ווינט. ער וויל מיין קאָפּ. איך גיב אים מיינע האָר.
צוויי טויזנט יאָר מיט אונזער בלוט, די האַק זי איז באַשפּריצט.
אין יעדער צייט, אין יעדן אָרט, אין יעדן דור —
זי בלענדט אַזוי ווי איצט.

נאָר איך — איך מאַך מיר פֿייכט די ליפּן מיט דיין וויין,
מיט אים מען האָט ביים יידישן, מיר פֿייכט געמאַכט די ליפּן.
וועל איך, ווי תמיד, פֿון דיין בעכער, פֿאָלק מיין נס, זיפּן —
ז י י ן !

# א קאַרטל פון געטאָ

עס ציטערט דאָס קאַרטל פון געטאָ אין האַנט
און ס'רעדן די ווערטער אָן לשון —
און כ'זע ווי עס שפּרייט זיך פון איבער דער וואַנט,
דער טאָל פון די טויטע, דאָס „יידישע לאַנד",
ווי ס'ווערט מיין אומה פאַרלאָשן...

די שורהלעך — קליינע און שמאָלע,
די אותיות דייטשע — דאָך יידיש פאַרשעמט,
עס קלינגט מיר אין האַרץ אָפּ דאָס קול.
און כ'זע נאָך, ווי ס'פּערלט די טרער, ווי קרישטאָל —
מיין פאָלק גייט־אויס אין לאַנגזאַמען קידוש־השם...

עס שרייבט מיר מיין שוועסטער אַזוי:
„ס'איז משה געגאַנגען צום טאַטן",
און ס'שטיקט מיך פון אותיות אַרויס דאָס געשריי —
און כ'הער נאָך אַצינד אַלץ דעם ציטריקן אוי,
וואָס ליגט אויפן קאַרטל פאַרמאַטערט...

טראָגט מיך דער דמיון אַהין צו מיין היים,
און כ'שעם זיך, פאַרוואָס כ'בין אַנטלאָפן אַליין —
אָט זע איך מיין מאַמען, איך הער איר געוויין,
עס מורמלט איר ליפּ און עס ציטערט איר ברעם
צו מיר... און זי פאַלט ווי אַ שטיין...

זי פֿאַלט ווי אַ שטיין. דער טויטלעכער שאָס
ער הילכט מיט געוויש מיר נאָך איצטער אין אויער —
און כ׳גיי מיט מיין מאַמען אַריין אינעם טויער
און ס׳גליוועט מיין בלוט אויפֿן שנייאיקן ראַז —
און ס׳ווייעט פֿון מיר מיט טויט און מיט טרויער...

ס׳עם ציטער דאָס קאַרטל פֿון געטאָ אין האַנט
און ס׳רעדן די ווערטער דאָס טויטלעכע לשון —
איך גיי מיט מיין מאַמען, מיין האַנט אין איר האַנט — — —
און כ׳פֿלאַקער מיט איר, ווי דער דאָרן אין בראַנד,
דער דאָרן, וואָס קיינמאָל ער ווערט נישט פֿאַרלאָשן...

# איר וועט אונז נישט פארפייניקן

מלך ראַוויטשן — צו זיין 60-יעריקן יובל

איר וועט אונז נישט פאַרפייניקן,
מיר וועלן בלייבן אויף אייביק,
ווי די ערד אונטער די טריט,
ווי דער הימל איבערן קאָפּ,
ווי גאָט — אומעטום.
צו פּעט איז די ערד מיט אונזער בלוט,
אַז זי זאָל נישט וואַקסן מיט אונז —
מיט יידן!

איבער דורות שפּאַנען מיר, מיט אונז וואָרט,
וואָס איז שאַרפער פון העק,
און גליענדיקער, פון הייסע אייזנס פון אינקוויזיציעס...

דורך פייער און אַש —
מיר קענען דעם וועג,
נישט איין שונא האָט געפּרוווט שוין
אויף זיבן ימים עס צעשפּרייטן,
דורך זיבן ווינטן עס צוטרייבן — — —
נאָר מיר: אויף שפּינוועבס-בריקן פונעם חלום,
פון א משיח, גייען מיט גלויבן —
און אונזערע טויטע ווערן מיט לעבן באַהאָפטן...

און אונזערע גופים, ווי אין אייביקע בוימער,
בלאָזן די ווינטן פּונעם אחד,
פון ערשטן און לעצטן,
אריבער אלע אריבערן, און עלטער פון אלע עלטערקייטן...
ווייל אייביק זענען מיר,
ווי די פיר יסודות פון דער וועלט
מיר — יידן!

# איז דער שטאָט פון פּראָפ. גרעץ

עפן־אויף זיך מיר נאַכט, און ווייז מיר דיין פּנים,
זיי גוט צו מיר שוועסטער: רגע פון דיכטונג.
— כ׳זאָל זען דעם גריטאַס אויף פּנים פון שונאים,
אין פלאַמיקן שיין פון אונזער געשיכטע.

פיר אַרוים מיך אין גאַסן פון דיינע יאָרהונדערט,
לאָז רוען אויף מיין ברוסט מיר, די שאָטנס, די מידע.
כ׳וויל טרינקען דעם אָטעם פון דורות מיט יידן,
און ווערן אַ טייל פון אייביקן וואונדער.

עס גלאָצן די חורבות מיט אויגן פון געצן,
דערוואַכטע פון מידן, פון טויט־לאַנגן שלאָפן.
— טוליע־איין מיך, אָ נאַכט אינם שאָטן פון גרעצן
און לייג אויף די שטיינער אַוועק מיר דאָ אָפן

די צייט פון מיין איצט, ווי מיין פאָלק פון יאָרטויזנט,
וואָס איז דאָ מיט מיר איצט אינם פינצטערן צימער.
אָ לאָז נישט דעם ווינט די האָר מיר צעברויזן,
אָפווישן פון אויגן, דעם אייביקן שימער.

פאַרטרייב נישט דאָס קול מיר, מיין יידישן לשון,
וואָס טוליעט מיך איצט דאָ, מיט ליבשאַפט פון דיכטונג —
ער דאָרן, וואָס ברענט און ער ווערט נישט פאַרלאָשן,
אין ימים פון בלוט פון אונזער געשיכטע...

# אומעט

1

הויערן אויף מיינע אַקסל די אומעטן, די גרויע,
ווי אויף אַקסל פון קעמלען משאות געלאָדענע.
מיט זיבן ווינטן איז אָנגעלאָפן אויף מיר אַרויף דער טרויער,
אַרויסגעריסן מיינע פריידיקע פענצטער צוזאַם מיט די לאָדנס.

בין איך שטום, ווי בערג אין פינסטערע, נאַכטישע שעהן,
נאָר אין מיר ברענען פייערן, ווי אונטער רויכנדיקע קראַטערן
ס'איז דער טויט — אַ רייטער אויף זיין פערד מיט טלאָען,
אַריין אין מיר — און ווער, ווער, וועט ראַטעווען?

2

כ'האָב אויסגעחלומט מיר טעג, ווי שעפּסעלעך ווייסע,
זיי זענען שוואַרצע קעץ געוואָרן.
דער פריידיקער שאַל פון גאָלדענעם האָרן —
איז אַן אויסגעטראַכטע מעשה.

וויינען מיינע טעג, ווי קעץ אין אדר'דיקע אָוונטן
און קענען נישט קיין רו געפונען:
זיבן ווינטן האָבן אויסגעטרונקען אַלע זונען
און איבערגעלאָזט אין האַרצן מיר די אומעטן...

# אין געטא

ווי א חיה — אומגעהויער,
געפאנגען אין א שטייג,
לויף איך מיט מיין טרויער,
קריץ די ציין און שווייג.

ס'איז דער ווייטיק גרעסער
פארן גרעסטן ליד.
און שארפער פארן מעסער,
איז אין הארץ דער שניט.

ס'האט איעדער שטיין דא,
געזען דעם פיין און שאנד.
ווי קאן איך שטיין און גיין דא,
ביי דער געטא־וואנט.

יעדעס ביסל שטויב איז
א צייכן פון דיין גנאד;
פארוואסזשע ווי א רויבער,
האסטו בארויבט אונז גאט?

וועל איך דא שטיין און שווייגן
מיט מיין ליד — מיין זעל.
ביז גאט וועט ווידער שטייגן
אויף אונזער אָרימער שוועל...

# מיין פאלק

א.

מיין פאָלק!
עפן דיין ברוסט און טוליע מיך, צערטל,
ווי מיין מאַמע אין קינדערישע יאָרן
ווייל אומעטיק עס זענען די טעג אויף גאָטס וועלט
און טרויעריק עס בליקן די זונען אין מיינע אויגן.

מיין פאָלק, מיין אָרעם פאָלק!
עס רעגנט דער הימל איבערן קאָפּ דיר מיט בלוט
און ס'וואַקסן סערפּן בלוטנדיקע אויף דיינע פעלדער
און שניידן ווייטיק פון דיין האַרץ.

איך האָב געבלאָנדזשעט. ווי אַ שעפּסעלע,
וואָס איז אוועק פון דער סטאַדע,
און דאָס קול פון פאַסטוך-פייפל
איז פארשטומט געוואָרן, שאַ!
איצט האָב איך עס דערהערט —
און איך גיי שוין נאָכן קול פון דיין ניגון
מיין פאָלק!

ב.

כ'וועל שוין נישט אוועק פון דיר.
מיטן דערנער-קראַנץ אויפן קאָפּ, ווי אַ של-ראש
מיטן צייכן פון אייביקן ייד
יועל איך שפּאַנען אויף דיין וועלט, מיין גאָט.

ווי די אבות פון אַ מאָל, אין גרויליקע טעג,
וועל איך שרייען מיט לעצטע מינוטן,

מיט לעצטן אָטעם
שמע!

הער, דו וועלט דעם געשריי פון מיין הארץ:
מיין פאָלק גייט־אָפּ אין בלוט,
מיין פאָלק אין פּיין פאַרגייט —
וויל איך אויך מיט אים פאַרגיין.

ג.

פאַרוויג מיטן קול פון דיינע דורות, מיין פאָלק.
לאָז מיך זיין אַן אפּשאַל פון דיינע ניגונים
און אויסגיין, ווי מיינע זיידעס
אין פלאַקער פון אויטאָ־דאַ־פעען,
ווי מיין מאַמע — מיטן שמע
אויף אירע פאַרפיייניקטע ליפּן.

די כוחות ווערן וויניקער, וויניקער
און די ליכט פון גלויבן שמעלצן זיך
שנעלער, שנעלער, שנעלער,
פאַרלעשן זיך, גייען־אויס — — — —
ווער וועט זיי אויפסניי אָנצינדן
און צעפלאַקערן צו נייע דורות?

פאַרוויג מיך,
לאָז מיך זיין, ווי אַ זויגלינג,
וואָס טרינקט מאַמע־מילך מיט פאַרמאַכטע אויגן,
ווי אַ קרעט, וואָס גראָבט זיך אין דער ערד
און גלויבט, אַז ער וועט אַרויס צו ליכט — — — —

איך וויל אויך צו דיר,
צו דיר, צו דיר — —
מיין פאָלק!

# יצחק לייבוש פרץ

שטילער... שטילער... וועלטן, דורות,
האלט דעם אָטעם איין!
טיקט און לעשט זיך די מנורה
אין איר לעצטן שיין.

פונם הימל אין דער נידער,
פלאַטערט זי אַראָפּ
צו דעם קלאַנג פון קינדער־לידער
פּרץ נייגט זיין קאָפּ.

לעשן זיך די אויגן זיינע
אין מנורה־פלאַם
דוכט זיך מיר: איך הער אַ וויינען —
קינדער קלאַגן: מאַם — — — —

יצחק לייבוש פרץ גוססט —
שטיל זאָל זיין און שאַ!
אין דער לופטן זע איך אותיות,
קלאָר איך לייען זיי: „ש מ ע"

שמע ישראל, הער איך שרייען
שטיל; אין העכסט געוואלד!
און עס דוכט מיר: — כ'הער אַ גייען,
און איך זע אַ וואַלד...

בוימער שטייען אויסגעצויגן,
קעפּ — צעבליט און שטאָלץ,
איז עס ער? איך רייב די אויגן —
יאָ, — מיט האַק און האָלץ,

דאַרער גוף אַרומגעגאַרטלט
מיט אַ פּראָסטן שטריק.
זוי ער וואָלט אים אָפּגעוואַרט דאָ,
זע איך פון זיין בליק...

ביאַלער רבי... וויל איך רופן,
נאָר עס שטומט מיין וואָרט,
און איך זע: פוןביידע גופים,
ווערט איינער אויפן אָרט...

פון דעם האָלץ, עס ווערט מנורה,
פלאַם — עס ווערט פון שטריק,
ערשטער דור מיט סוף פון דורות,
פון פלאַם צו מיר עס בליקט...

פון דער נידער אין די הויכן,
שטייגן זיי אַרויף...
— טוליע איין מיך אין דיין תוכן —
פרץ, — ביז מיין סוף...

# שלום־עליכם באַלאַדע

פֿאַרנאַכט, צופֿיסנס אַלאַ־טאַוער בערג,
דער טאָג גייט אַריין אין די שנייען, די ווייסע,
פֿיל טויזנטער מײַלן ווײַט פֿון מײַן היים,
לעז איך מײַן קינד שלום־עליכמס אַ מעשה.

איך לייען פֿון מאָטל דעם חזנס אַצינד
און ס'ברענען מיט טרערן ביים יינגל די אויגן.
ער קוקט אין די בערג, ווי פֿון דאָרטן אַרויס,
אויפֿן קעלבעלע זײַנעם, וואָלט מאָטל געפֿלויגן.

און פּלוצים, מיטן הענטל דאָס יינגל מיר ווײַזט:
— צי זעסטו אים נישט טאַטע? אָט איז ער דאָך מאָטל!
וואָס לאָזטו אים שטיין, און רופֿסט נישט אַרײַן,
ס'איז קאַלט דאָך אים זיכער אין לײַכטן קאַפּאָטל.

איך קוק דורכן פֿענסטער און ס'דוכט מיר, איך זע:
פֿון לבנה אַרויס אַ יינגלשן פּנים.
מאָטל דעם חזנס, איך האָב אים דערקענט,
ווי פֿון ביכל אַרויס, מיט אַלע סמנים

נאָר וואָס איז ער אַליין, די מאַמע וואו איז?
און וואו איז עס פּיניע, און עלע און אַלע?
אַ וואָלקן גייט אויף, די לבנה — פֿאַרשטעלט,
פֿאַרטונקלט דאָס בילד מיר, ס'ווערט אַלעס פֿאַרפֿאַלן.

ס'ווערט פֿינסטער אַרום, עס רוישט נאָר דער ווינט,
ווי ווערטער פֿאַרשטיקטע אין יידישן לשון.
און איך הער — אַ פֿאַרוויינטער רעדט מאָטל צו מיר:
— עס איז שוין נישט גוט מער צו זײַן מיר אַ יתום!

# מענדעלע מוכר ספרים

פון טרערן־טאָל אַרויס, עס הויבט זיך אויף מיין יידיש וואָרט,
מיט פאָלק אַרומגעהאַלדזט און ברידערלעך געאָרעמט.
און האָרכט זיך איין אין קול, וואָס קומט פון יענעם אַלטן אָרט,
פון זיידן אונזערן, פון מענדעלע מוכר־ספרים.

דערהער איך נאָר זיין קול, איך זע אים אויך אַליין:
ער שפּאַנט מיט דרייסטע טריט דורך נאַכט און שטורעם
און ס'הויבן מיינע פיס פון זיך אַליין אָן גיין,
דעם וועג, וואָס איז געגאַן, מענדעלע מוכר־ספרים.

דורך נעכט פון וויסטן צער, דורך גרוילן און דורך שרעק,
צום דויערנדיקן זיין האָסטו אויסגעפורעמט.
צום לעבן אויפגעוועקט, צו זונענדיקע טעג —
דאָס יידיש וואָרט פאַר אונז, דו מענדעלע מוכר־ספרים.

איצט שאָטנט מיר דיין בליק מיט טרויער און מיט פּיין,
און ס'הילט מיך איין דער ווײ פון מיינע פאָלקס־יסורים,
נאָר כ'נעם אַריין אין זיך דיין שאָטנדיקע שיין,
וואָס שטראָמט אַרויס צו מיר פון דיינע יידיש־ספרים.

איך מאַך די אויגן צו און זע דיך, ווי אַמאָל:
מיין יידיש פאָלק, דו שטייגסט צו הימלען הויך־געטורעמט.
...פון טרערן טאָל אַרויס, עס הויבט זיך אויף מיין יידיש קול
און לייגט זיך ווי אַ קראַנץ צו מענדעלע מוכר־ספרים.

# א מעשה מיט א ייִדן

פֿאַר די קינדער מײַנע, קליינע,
פֿול מיט חן און פֿריידן,
כ'וועל דערציילן היינט אַ שיינע
מעשה מיט אַ ייִדן.

פֿון אַ ייִדן, פֿון אַן אַלטן,
מיט אַ באָרד אַ ווײַסע,
וואָס די קינדער נאָר פֿון ביכל
און פֿון הערן ווייסן.

רוף איך צו מײַן עלטסטן ייִנגל:
— מאיר, אפֿשר ווייסטו?
ווער עס איז דער ייִד, דער אַלטער,
מיט דער באָרד, דער ווײַסער?

שעמט זיך מאיר און עס רויטלען
קינדיש זײַנע באַקן.
און די אויגן — שטיקער פֿײַער,
פֿול מיט פֿלאַם צעפֿלאַקערט.

רוף איך צו מײַן צווייטן ייִנגל:
—יאַנקל, זאָג מיר, חכם,
— צי דערקענסטו נישט דעם ייִדן,
וואָס דו הייסט עס נאָך אים?

שווייגט פאַרציטערט יאַנקל מיינער,
מיט די קלוגע אויגן.
ווי עס וואָלט אַ שלעכטער פויגל,
איבער אים געפלויגן.

און ער טוליעט פעסט זיך צו מיר
מיט זיין דאַרן גופל.
און ער קוקט מיר אויף די ליפּן:
כ׳זאָל דעם קלענסטן רופן.

רוף איך צו מיין קלענסטן יינגל:
— זע, מנחם, טרייסטער.
און איך מאָל אים אויף אַ פּנים
מיט אַ באָרד אַ ווייסע.

שמייכלט לוסטיק און ער פרייט זיך,
מנחם מיטן זיידן.
און ער פּלאַפּלט עפּעס ווערטער
אַ מין קינדיש ריידן.

האַלבע ווערטער, וואָס מיר דוכט זיך,
קיינער נישט פאַרשטייט זיי,
נאָר גאָר פּלוצים, כ׳זע די אויגן
ווערן ווי באַנייטע.

ווי עס וואָלט זיך אָנגעצונדן
אַ באַהאַלטן פייער.
אין דעם אויפגעמאָלטן פּנים,
פון דעם זיידן, נייעם.

און די ליפּן זיך באַוועגן
און די באָרד, די ווייסע —
ווי זי וואָלט געווען אַן עכטע
גאָרנישט, ווי אין מעשׂה.

ווערן פֿריילעך מײַנע קינדער
און די אויגעלעך גלאַנצן.
און צום טאַקט פֿון טאַטנס לידל,
שפּרינגען זיי און טאַנצן...

## « RIF »

שפעט נאַכט. אין פאַרלאָזענע שטובן אליין.
דער פּחד נעמט ארום, ווי מיט א שאַרפער רייף.
פון אַ ווינקל וואַקסט ארויס און צו מיר צוגיין,
א קליינטשיק שטיקל בלאַסע, גראָע זייף.

איך האָב ביַיטאָג עס אָנגעקוקט, באַטראַכט,
און ס'איז אריין אין מיר, אין מיין טיפסטער טיף;
ווי כ'וואָלט אליין געווען א שטיק, א טייל פון אים,
פון דעם שטיקל זייף, וואָס בליקט צו מיר מיט ווערטער „ר י ף".

איך בין א גאַנצן טאָג געווען שטאַר און שטום,
נאָר ס'האָט אין מיר געשריגן מיט די העכסטע קולות.
ס'איז אויפגעגאַן אין מיר דער נישט געשטילטער וויי,
פון די ברידער מיינע, די אומבאַקאַנטע קרבן - עולות...

אַ גאַנצן טאָג כ'האָב נישט געבליקט אין די אויגן פון די קינדער,
ווי כ'וואָלט פאַר זיי געדאַרפט זיך עפּעס שעמען —
פאַר וואָס זיי לעבן אויף דער וועלט, ווען טויזנטער פון זיי אין פּיין
א סטעמפּל „ריף" דערמאָנען זייער לעבן, זייערע נעמען...

אַ גאַנצן טאָג איך בין געווען זיך ווייט און פרעמד,
ווי כ'וואָלט דאָס לעבן — עמיצנס, פאַר זיי גענומען.
עס האָט געפּייניקט מיך, פאַרוואָס כ'בין נישט אַליין,
נישט איינער אויך פון מיין — צו זייף — צעלאָזטער אומה...

איצט שלאָפט די שטאָט אין טויטלעך — מידן, שווארצן שלאָף,
נאָר איך בין וואך, דער פיין, ער לאָזט מיין גוף נישט שלאָפן.
און ס'קומט צו מיר אַרויס דאָס קליינטשיק שטיקל גראָע זייף
און ווינקט מיט טויטע אויגענים — מאָנענדיק און אָפן —

פרעגט עס מיך די פראגע פון זיין פיין און טוט דעם שווערן,
און וויל איך זאָל אים ש ו י ן דעם ענטפער געבן —
פארוואָס, פארוואָס נאָר אונזער פאָלק פאַר אַלע פעלקער מוז,
אין יעדער צייט דער ערשטער מקריב זיין דאָס לעבן?...

איך שווייג, מאך די אויגן צו, נאָר דורך דער פינסטער שטראָמט
און קומט אַרויס
און ווי פאָספאָר — ליכט, עס לייכטן מיך אדורך די ווערטער:
„ריף" — מיין מאַמע, „ריף" — מיין שוועסטער, „ריף" —
די קינדער,
זיי שטעכן מיך אדורך, ווי מיט בלאַנקענדיקע שווערדן.

אָט דוכט זיך מיר: אַ קינד, אַ זויגלינג, עס יאָמערט, וויינט,
און כ'זע, ווי ס'זייגן נאָך די ליפעלעך די ברוסט פון טויטער מאַמען.
און אָט אַן אַלטער גרייז, ווי משהס קאָפּ, שטראַלנדיק-צעשיינט,
ווי ס'וואָלט פון אים אַרויסגעלויכטן זיבן זונען-פלאַמען.

עס רעדט זיין באָרד, נאָר זיינע אויגן זענען צוגעמאַכט און מאַט,
ווי ס'וואָלט זיי עמיצער מיט שווארצער נאַכט באַצויגן
ער גייט צו מיר... און באַלד עס וועלן זיינע טויטע הענט,
מיט נאַכט, מיט אייביקער פאַרקלעבן מיינע אויגן...

אָט דוכט זיך מיר: עס ציען טויזנטער אָפּשטאַרבנדיקע הענט,
האַלזן מיך אַרום און נעמען מיך און טראָגן ווייט אַוועק פון דאַנען.
און קולות טויזנטער, וויינען שטיל אַרויס פון מיינע פענצטער,
ווענט.
מיט ווערטער מאָדנע, וואָס קיינער וואָלט זיי נישט פאַרשטאַנען...

עס לייכטן אויף די ווערטער — ווי טויזנט ברענענדיקע ליכט
עס וואָלטן פּלוצים זיך אין טויטע הענט צעצונדן —
און כ'זע, ווי ס'קומען פון די ווענט אַרויס, מאַסנווייז, געדיכט,
די יידן, טויזנטער, מיט שטריק אין לעצטן ש מ ע געבונדן...

— ווער זענט איר, עדה קדושה, טויזנט גופימדיק צעזאַם?
ווער האָט עס אייך אַזוי אין נאַכט, אין טויט צענויפגעהאָפטן?
וואָס בליקט איר מיך מיט וווּנדער אָן? — אַ לעצטן פון שטאַם,
פאַרמישפּטער צו טראָגן ס'לעבן זיינס, — מיט ל ע ב ן
אַ געשטראָפטן!

און פּלוצים — פון די גופים ס'ווערן שטיקלעך גראָע זייף
און ס'רעדן ווערטער יידישע פון זיי אַרויס, איך קען זיי הערן;
און שלייכן זיך אַדורך דורך מיר. פון פּחד ווער איך נאַס,
ווי ס'וואָלטן אויף מיר טריפן זייערע לעצטע, לעצטע טרערן.

זיי שלייכן זיך אַדורך... און ווידער כ'בין אַליין אין שטוב,
עס ווערן אַלע טויזנט ליכט — אין דער נאַכט אַריין געגאַנגען.
און ס'נעמט די פינסטערניש אַריין מיך, ווי אין אַ גרייטן גרוב,
וואָס כ'האָב אַליין געגראָבן מיר, אַז ווערן כ'זאָל אין אים אַריין
דערשאָסן.

מיר דוכט — איך הער דעם שאָס. איך פּיל, ווי ס'פּאַלט מיין
שווערער גוף.
עס נעמט דאָס גרוב אריין מיך אין זיין פּיסק,
דעם בלאָטיק — שוואַרצן —
נאָר פּלוצים, כ'הער ווי עמיצער מיט ציטערניש מיין נאָמען רופט,
און עמיץ טוליעט מיך טויטערהייט מיך, צו זיין טויטן האַרץ צו...

און ווי איך הער מיין נאָמען רופן, פאַרשטיי איך, מ י ך, מען מיינט
און כ'עפן אויף די טויטע אויגן און זיי זעען ווידער:
עס קוקט איין איינציק שמיקל זייף, ווי א פּנים, וואָלט געוויינט —
די מאַמע מיינע קוקט אויף מיר, א פאַרפּייניקטע און מידע...

זי קוקט אויף מיר. איך קוק אויף איר. די שטומקייט רעדט
אין טויטער נאַכט אריין, נייע אומבאַקאַנטע קלאַנגען —
און ס'דוכט זיך מיר, מיין וויגנ־ליד, וויגט מיך איין און גלעט — —
און כ'ווער אין מאַמעס לעצטן וויגנ־ליד אויסגעגאַנגען...

# ירושלים

א.

איך ווייס נישט אויב אמת: ירושלים איז ס׳האַרץ פון דער וועלט
פון מיינער איז עס אויף זיכער.
כ׳בין געקומען צו דיר דורך לענדער און שטעט
אויף מעווישע פליגל און וויכער.

דורך טרערן און בלוט — ווי געטאָגט, נישט גענאַכט —
נאָר ליב איז דאָס וואָגלען.
דיין בליק אין דער זון — מיין ברוסט צו דער זעט,
מיין חלום — דאָס וואסער פון לאָגלען.

און איצט כ׳בין ביי דיר, כ׳טרעט אויף דיין ערד,
ירושלים, דאָס האַרץ פון די וועלטן.
און ס׳גייט-אויף אין מיר אַ ניגון, וואָס שפילט
פון הימלען איינציק און זעלטן.

עס טראָגט זיך דאָס קול דורך די געסעלעך קרום
און פאַלט פון די בערגלעך און טאָלן,
די לבנה גייט-אויף טרויעריק און געל,
ווי אַ פנים — פון אַ יאַפּאַנער געמאָלן.

ס׳איז איר טרויעריק געוואָרן. זי האָט מיך דערזען,
ווי כ׳שטיי ביי דיין טויער צוטומלט.
אַ טרער פון מיין אויג, איז אַריין אין דיין ערד,
צוזאַם מיט אַ שטערן פון הימל...

ב

ירושלים! אויף דיינע געסלעך כ'גיי אצינד.
ווי אין גוטע חדר-יאָרן, כ'בין אַ קינד.

דער רבי זינגט דעם ניגון אויס פון „ואני"
צוויי טויזנט טריט צום שטאָט, נישט ווייט פון הי

ליגט די מאַמע רחל, אַ טויטע אויפן וועג.
און ס'וויינט אין מיר דער ניגון, פון יענע, גוטע טעג —

ס'וויינט דער ניגון און ער לאָזט זיך שטיל אַראָפּ,
ווי אַ מאַמע-טרער אויף אַ קינדס אַ קאָפּ.

אויף דיינע קרומע געסלעך, ירושלים, כ'טרעט,
און מיין יעדער טראָפּן בלוט, איז אַ שטיל געבעט:

מאַמע רחל מיין, דו לעבסט, דו ביסט דאָך דאָ אצינד,
פאַרוואָסזשע הערסטו נישט ס'געוויין פון דיינס אַ קינד?

# ברענען פעלדער אין עמק

ברענען פעלדער אין עמק, געצונדן דורך וואַנדאַלישע הענט,
ליגן בייטן צעטרעטן מיט גאָלדענעם ברויט.
וויינען הימל און ערד, וואָס האָבן נישט העלפן געקענט
נישט רעטן פון אומקום, פון חרפה, פון טויט...

וויינען זאַנגען מיט קעפּ אָפּגעהאַקטע, ווי מענטשלעכע קעפּ,
און ס'וואָיען די שעפסן און קעלבלעך נאָך טויאיקן גראָז,
וואָס נעכטן געווען איז נאָך פריש מיט טל און מיט טעם,
און היינט שוין צעטרעטן, — פאַרוואָס?..

ברענען פעלדער אין עמק, קלאָגן עופות אין שטייגן, ווי קינדער
פאַרלאָזטע
און ס'הירזשען די פערדות און פערד, מיט טרויער און וויי.
אַן אומעט, וואָס קומט פון עק פון דער וועלט,
גייט-אויף מיט קולות פון שטומען געשריי...

ברענען פעלדער אין עמק, — ברענט מיין האַרץ אין דער שטיל,
און ס'פלאַקערט אַ צער און אַ צאָרן, ווי די וועלט אַזוי גרויס.
נאָר טרייסט זיך, מיין פאָלק, — דו ביסט, ווי דער סנה, וואָס
פלאַמט,
און ס'בליקט צו דיר דורכן סנה די שכינה אַרויס...

# צו דייז שער, ירושלים!

ווינט! צעטרייב דעם נעפּל פון די בערג
און ווייז מיר דעם שער —
דעם טויער, דורך וועלכן כ'וועל קומען צו דיר,
י ר ו ש ל י ם !

אַלע טויערן פון דער וועלט זענען צו,
דיין טויער איז אָפן;
צי זיך אוים צו מיר, קום נענטער, ווער נאָנט, —
ניי אַריין אין מיר!

ווי אַ יתומל, אַ קליינס, שטיי איך און בעט:
— עפנט אַ טיר!
אַלע טירן פון דער וועלט זענען צו —
דיין טיר איז שטענדיק אָפן.

ווינט! נעם און פיר מיך, ווי אַ באָבעשי עס פירט
צום ערשטן מאָל איר אייניקל גיין.
פיר מיך און ברענג מיך דורך דער נאַכט, דורכן טויט
צו דיין שוועל!

עס העלט שוין נישט מער די זון אין מיין אויג,
עס גרוילט שוין מיין קאָפּ מיט אַש און מיט צער.
דורך טויערן פון פיין, דורך קאַמערן פון טויט,
ווי ס'איז מיין מאַמע אין גלויביקן טרויער,
אין לעצטן שריי, פאַרקריצטן „ש מ ע"
אַרוים צו דיר צום לעצטן מאָל פון געטאָ-טויער
צו ד י ר, י ר ו ש ל י ם —
צו ד י י ן ש ע ר......

# כותל המערבי

כותל המערבי. וואַנט פון אונזער אַלטן עבר,
אין דיינע שאָטנס שטיי איך איינגעבויגן.
פון דיינע גרינע שפּאַלטן, קוקן אויף מיר אויגן —
מיין מאַמעס אויגן, פרומע, בעטנדיקע אויגן...

ס׳טונקלט. שוואַרצע אָדלער שפּרייטן אויפן הימל,
לאַנגע אויסגעצויגענע, שרעקעדיקע פליגל.
די נאַכט קומט אָן. פון אירע טונקעלע געמעכער,
שווימט ארויס מיין שטוב — מיין קינדער־וויגל.

...ס׳איז תשעה־באב פאַרנאַכט. אויף א נידריק בענקל,
מיין מאַמע וויינט דיין גורל אויס. איך שוויג און ביטער —
דער ניגון פון די זיפצן, נאָך רוישט מיר אין די בלוטן,
ווי ס׳רוישט אין מיר מיין מאַמעס שטילער ציטער...

איצט בין איך דאָ. פון ווייטער־ווייט אַהער געקומען.
איבער פרעמדע ימים גנביש זיך געשיפט, געהוידעט,
און כ׳קוק אויף דיר מיט מיינע אומעטיקע אויגן
און קאָן נישט פאַרשטיין די שפּראַך פון דיינע סודות...

עס זעען דאָך די שטיינער אויס, ווי אַלע שטיינער:
געלע, גרינע. ברוין־זאַמדיקע און מאַטע —
נאָר פאַרוואָס דען ציטער איך אין שרעק און אימה,
מיט מיינע הענט זיי אָנצורירן, אָנצוטאַפּן?..

פאַרוואָס שטיי איך שוין דאָ א צייט און קאָן — נישט,
צוגיין נאָענט, און קושן זיי מיט מיינע ליפּן?
פּאַרוואָס קאָן איך אַפילו נישט איין וואָרט אַרויסשטאַמלען,
אָדער פּראָסט, ווי די מאַמע מיינע — זיך יידישלעך צעכליפּן?..

עס שווייגט מיין מויל, ווי מיט אַ שווערן שלאָס פאַרשלאָסן
און ס׳קומט קיין קלאַנג ארויס נישט פון זיין גומען.
ווי איך וואָלט קיין וואָרט נישט קיינמאָל קענען רעדן,
ווי איך וואָלט געוועזן פון געבוירן־אָן — א שטומער!

איך שטיי און גלאָץ מיט מיינע פרעגנדיקע אויגן
און זויג אַריין אין מיר — ווי מאַמעס מילך — די קאַלטע ווינטן,
וואָס רייסן זיך צו מיר פון אַלע, אַלע זייטן
און טראָגן מיך אוועק אין חלומס לאַבירינטן...

און פלוצים ס׳צינדן פלעמלעך זיך אין טונקלדיקע הימלען
און ס׳צינדן מיינע אויגן זיך און ציען זיך צום פייער.
און ס׳רעדט אַ קול — מיין מאַמעס קול — איך הער עס:
— קום אהער, גענען מיין זון, דו איינציקער, געטרייער.

און ווי איך הער דאָס קול נאָר — ווער איך אויפגעלויכטן
און ס׳שרייען מיינע בלוטן, ווי סמבטיון וואָלט געשריגן:
— איכה ישבה בדד... און ס׳טריפן מיינע אויגן
איך פאַל־צו צו די שטיינער און בלייב פאַרשטיינערט ליגן...

און ווי איך ליג אַזוי — איך הער, די ערד, זי יאָמערט
און קלאָגט דעם ניגון מיט, מיט מיר און מיט מיין מאַמען,
און פלוצים. — ס׳עפענען זיך די אויגן מיר — די שטאָט איך זע זי־
פאַרוויינט, אַרומגעהילט אין פייערדיקע פלאַמען...

ירושלים ברענט! מיין פֿאָלק גייט־אויס אין פּיין און בלוטן.
איך רייס מיין האַרץ פֿון זיך אַרויס און וואַרף עס אינעם פֿייער.
און פּלוצים עפֿענען זיך די שטיינער אויף, ווי הערצער
און ס׳רעדט א קול צו מיר ארויס, פֿון די פֿלאַמען־פֿייער...

עס איז דאָס קול אזוי באַקאַנט, כ׳געדענק עס פֿונעם חומש,
דאָס קול, דאָס אייביקע פֿון סנה אַרויס איך הער און זע עס.
און ס׳שטייגט אין לופֿט אַרויף דאָס אייביקע ירושלים —
וואָס אייביק, ווי די וועלט איז און אייביק, ווי דער סנה איז...

# מיט ר' יהודה הלוין
# ביי ירושלימער טויערן

ס'איז פריע זונען־שעה ביי ירושלימער טויערן
און ס'קוקן הייזלעך שטיינערנע אָן מיך, ווי דערקענט,
וואָס כ'האָב אין חומש־יאָרן אין מיין חלום
אויפגעבויט מיט מיינע יונגע הענט...

עס קרייזן אין מיין חלום — די וואונדערלעכע שוואַלבן,
וואָס האָבן אין די פּיסקלעך, בוי־געצייג געבראַכט;
מיט די יונגע פליגל מיטגעהאָלפן בויען,
די וואונדערלעכע שטאָט, ווי מיט מענטשן־הענט.

היינט קוקן זיי מיך אָן מיט פרעגנדיקע אויגן,
היינט רעדן זיי צו מיר גאָר אויף אַ פרעמדער שפּראַך —
כאָטש עס ציטערט נאָך אין האַרצן מיר דער ציטער,
וואָס האָט אין מיר מיט יוגנט־קראַפט דערוואַכט.

קעמלען־קאַראַוואַנען ציען אויס די דורשטנדיקע העלזער
און ס'קלינגען זייערע גלעקלעך, ווי אַ צאַרט געבעט.
אַ ניגון פול מיט בענקשאַפט, זינגען מיינע בלוטן! —
צי האָסטו שטאָט, דו אייביקע, צו מיר זיך איצט צערעדט?..

עס זשומט און ברומט דאָס האַרץ, ווי אַ פעלד מיט זאַנגען
צעווייגטע דורך אַ בשמימדיקן, דופטנדיקן ווינט.
עס איז אין מיר אויפסניי איצט אויפגעגאַנגען
ירושלים מיינס — ווען כ'בין געווען אַ קינד.

אָט זע איך הענט געשטרעקטע, אויסגעצויגענע אין בענקען,
און תּפילות, ווי די פּנימער, צעקראַמפּטע אינם וויי.
איך שפּאַן מיט יינגע פּיס, איבער ערד און ימים,
מיט ר' יהודה הלוין נאָך ירושלים, איך גיי.

מיר גייען איבער שטעט און לענדער און די אויגן ברענען,
נאָר פּלוצים, ווערט מיין חלום, ווי מיט בלוט באַשפּריצט.
נאָר ניין. — ס'איז נישט קיין חלום, איך פיל דאָך ווי עס טריפן,
די בלוטן פון מיין פּנים, ווי דעמלט — אויכעט איצט...

איך הער נאָך די יללות, דאָס וויינען און דאָס קרעכצן
און זע ביי דיינע טויערן — ר'יהודה הלוין — טויט.
עס וויינען אין מיין חלום, ווי ס'וויינט מיין האַרץ אויף וואָר איצט,
די וואונדערלעכע שוואַלבן, די שטאָט, וואָס האָבן געבויט...

עס וויינט אין מיר דער ניגון ר' יהודה הלוים,
אין פריער זונען-שעה, ביים ירושלימער שער
קעמלען-קאַראַוואַנען ציען אויס די דורשטנדיקע העלזער
און טרינקען אַן זיך מיט מיין וויי און צער...

# רוחמה 1936

אַ הויף. נפשות ווינציק, — דאָס איז רוחמה,
אַ יידיש דאָרף אין מיט פון אַראַבישן ים.
נאָר כ'ווייס נישט, עפּעס האָט דאָ מיין נשמה
אויפגעשיינט אין מיר מיט אַן אומבאַקאַנטן פלאַם.

עפּעס האָבן זיך די אויגן מיר מיט ליכט צעצונדן,
עפּעס האָט זיך דאָ מיין האַרץ מיט פרייד צעהעלט,
ווי דאָס גליק, וואָס טרעפט אַן אייביק־בלינדן,
ווען ער דערזעט דאָס ערשטע מאָל די שיין פון וועלט...

איך האָב דערזען דאָ, וואָס עס מיינט אַ וואָרט: אויסדויער,
און איך האָב דאָ דערפילט די קראַפט פון „נייער הויט"
ווען עס אַרבעט אויף זיין ערד, אַ יידישער פּויער
און פון אייגן פּראַצע, ער עסט, מיט פרייד זיין ברויט.

אַ הויף. נפשות ווינציק, — דאָס איז רוחמה
און כ'האָב זיך פאַר דער הייליק־אַרימקייט פאַרשעמט:
פאַרוואָס איך העלף נישט מיט באַאַרבעטן דאָס ברויט,
וואָס גייט — דאָ אויף מיט קראַפט פון קידוש־השם...

# יידן פון ווייטע לענדער

אויף ברוינע ראָגאָזשעס, ווי די ערד פון ווייטן תימן,
אויף ברוינע טעפּיכער, געשטערנטע, ווי דער הימל אין זייער לאַנד.
זיצן זיי מיט קינדערלעך, וואָס ציִען דאַרע, מאַמע־ברוסטן,
טרוקענע, ווי ס׳מדבר־זאַמד.

עס ברענט די זון, ווי ס׳ברענען זייערע שוואַרצע לײַבער,
ווי די אויגן זייערע, מדברדיק און מזרח־היים.
געבויגענע אין דרייען, זעען זיי אויס, ווי פראַגע־צייכנס,
וואָס דער באַטייט — נישט קיינער ווייסט...

וואָכן לאַנגע ציִען זיי אַדורך דעם ווייטן, וויסטן מדבר,
וואָכן לאַנג מיט ווייב און קינד אין וועג.
אין די היימען זייערע אין אַדען אָדער טוניס
געלאָזן אַלץ — מיט זיך געברענגט נאָר ס׳אָרימע פאַרמעג —

זייער גלויבן פון די אבות, וואָס האָט זיך איצט צעבליט,
ווי די צעדער־ביימער, וואָס גרייכן ביזן הימלס ראַנד...
עס האָט אין האַרץ געברענט דער חלום, — זענען זיי געגאַנגען
צו די ברעגן פון צוגעזאָגטן משיח־לאַנד...

זיי זינגען זייערע אויסגעצויגענע געזאַנגען
און ס׳קלאַפּן זייערע דינע פיסלעך, ווי דאָס האַרץ, צום טאַקט, —
ס׳האָט די בענקשאַפט אָנגעטון חלום פליגלען
און אַריבער וועג און שטעג און ים און טראַקט...

ס׳ווערט שטיל אַרום. נאָר אַ קול פון ווייטע צייטן, דורות,
ווי אַ פלייטל־ניגון ציטערט, ביטערט, יאָמערט — — —
— עס האָט די ערד געוויינט פון פרייד צו אירע קינדער
און אין שטומע הערצער, שטום זיך איינגעקלאַמערט...

# צווישן טבריה און צפת

ווי קליינע אייזעלעך, לויפן די בערגלעך אַנטקעגן
אויף די וועגלעך צווישן טבריה און צפת;
דער כנרת שלאָפט, ווי דער הימל אין דרימל,
מיט זיסלעך־פאַרחלשטע וועלן און מאַט.

אַן איינזאַמער בוים צעצווייגט און צעשאָטנט,
יוערט פון אַ ווינטל, חסיניש געהאַלזט;
אויף זילבערנע סטרונעס פון זילבערנעם פידל,
שפּילט איצט די לאַנגוויל דעם טרויעריקסטן וואַלס.

און מיד און צעצויגן עס ציען זיך די שעה׳ען,
ווי קעמלען, וואָס גייען אויף עק האָריזאָנט.
ביז עס גייט־אויף פון כנרת אַ פּנים
און האַלזט דיך אַרום אַזוי האַרציק און נאָנט...

דאָס פּנים פון אָוונט אין שיין פון לבנה
נעמט דיך אַרום מיט זילבערנע הענט
און ס׳שפּילט דער כנרת פון טרויער דעם ניגון,
פון וועלטס אַלע יידן צו מיר איצט געווענדט...

# נאַכט איבער צפת

בלויער סאַמעט הענגט איבער קאָפּ,
נאַכט איז אָנגעפּלויגן.
שטערן לעשן זיך אין ווינט
און צינדן זיך אין אויגן...

אין חצר פון קלויז שוויינט אַ מקובל, — דער ארי?
עס רעדט בלויז די לאָמפּ אין איר לשון — זי ברענט
און ווערטער פון פייער צעפלאַמטע אין גלי;
צו מירון די פלאַמען זיך ציען, ווי הענט...

צעשאָקלט אין מירון דער בוים איבער קברים
און ציטערט אין ניגון, שטיל, ווי אַ קאָפּ.
ברומט־מיט דער שטיינערנער שטול אליהוס
פון שטיין־באַרג, פון ווייטן אַרויף און אַראָפּ...

דערהערנס די שטיינערנע הייזלעך, וואָס דרימלען
דעם חלום פון אַלטע, פאַרלאָשענע דורות
און ברומען דעם ניגון פון לעצט־לעצטע נאַכט,
וואָס גייט אויס אין פאַלן פון שטערן — מנורות...

# מעפּילים - ליד

פלאַטערט־אום אין לופט דער וויי,
דאָס האַרץ דיינס, עפן, פיל אים!
שיפן שווימען אויפן ים —
מעפּילים, מעפּילים...

היימען אַלטע, נאַכט און טויט,
פאַרברענטע אַלע גבולים —
שווימען מיר צום לעצטן ברעג
מעפּילים, מעפּילים...

שרייען כוואַליעס אונזער שריי,
לאַנד מיינס, הער און שטיל אים!
ווי די כוואַליעס, מיר אַליין —
מעפּילים, מעפּילים...

דורך די נאַכט אַ שטערן בליצט,
איך בענק שוין לאַנג און וויל אים.
שיפן שווימען אויפן ים —
מעפּילים, מעפּילים...

אפשר ווייסטו, ווינט, מיר זאָג
דער שטערן־בליץ, וואָס וויל ער?
בענקט ער אויך פון הימלס־ים
צו ערד, ווי מיר, מעפּילים?

שנעלער, ווינט! די נאַכט גייט־אויס,
מיר זינגען אונזער תהלים!
ווער נענטער ערד, גענען, דו, לאַנד —
צו אונז, צו אונז, מעפּילים!

# באר שבע

זיבן ברונעמס האָט באר־שבע, דער אַלטער איז דער הימל,
וואָס טרינקט מיך־אָן מיט זיינע קוואַלן.
פון זיבן ברונעמס טויכט־אויף אַ טרויער,
און ווערט ביי מיר אין האַרץ פאַרפאַלן.

דורך וואַדיס, דורך נאַקעטע ערדן, האָב איך מיינע פיס געטראָגן,
צו קוקן אויף זיי מיט מיינע בענקענדיקע אויגן.
און מיילער פול בענקשאַפט, ווי חמסינישע ווינטן,
האָבן מיין טרויער געזויגן...

איצט בין איך דאָ. און ס'פייפלט אַ ניגון,
פון קינדערישע יאָרן אין האַרצן געטוליעט.
דאָס באר־שבע פון חומש גייט־אויף און עס צערטלט,
ווי אַ וויג ליד, וואָס האָט מיך פאַרוויגט און פאַרלולעט...

אויף הייזלעך פון „חמרה" כ'דערקען זיי די צייכנס,
ווי אָפּדרוקן פון פינגער.
און יידישע אויגן עס קוקן פון פענצטער —
און ס'ווערט מיר גרינגער...

די לאַנגע גאַסן, די אכסניות פון ביידע זייטן,
רעדן צו מיר דאָס לשון פון דורות.
אברהם אבינו זיצט פאַר דער טיר פון געצעלט
און ס'ציען אַדורך דריי אורחים־גבורים...

און איינער פון זיי — בין איך דאָס אַצינד —
איך וויל מיינע טריט איצט, די אַלטע דערקענען.
די נאַכט פאַלט-צו האַסטיק און גיך
און די וועלט הויבט-אָן צו ברענען...

עס נידערט אַ ניגון און נעמט מיך אַרום,
אַ טרויער, אַ טיפער פון זיבן ליידיקע ברונעמס.
דער ניגון פון חומש איז ערגעץ אַוועק,
איך זוך אים און קען אים שוין מער נישט געפונען...

# אַ ייִד אין נגבֿ

עס גליִען די שאָטנס אונטער די טריט,
ווי ס'גליִען די זאַמדן, די שטיינער.
מײַן שאָטן — ער איז אַ פּאַרצײַטישער ייִד,
און איך — מיטן מדבר אַליין נאָר.

דער שאָטן דערציילט מיר פֿון יאָרן אָן צאָל,
פֿון אַלטע, פֿון ביבלישע זיידעס,
עס שפּריצט דער חמסין, ווי אַ פֿליסיקער שטאָל,
פֿון הימלען אַזוי ווי פּאַרצײַטנס.

עס ליגן די וועגלעך אין זוניקן שלאָף
פֿון טויזנטער יאָרן פֿאַרהעמערט.
אַ טרוקענע וואָדי דערציילט מיר דעם סוף
פֿון דורשטיק־פֿאַרחלשטע עמערס...

אַ קעמל צעשרײַט זיך — אַ הונגעריק קול,
אַ פּרידה אים ענטפֿערט צעצויגן.
די וואָלקנס, ווי ווײַסער געוואַשענער וואָל,
מיניִען און בלענדן די אויגן.

איך שפּאַן מיט מײַן שאָטן דורכן ליידיקן זאַמד,
עס ציט זיך דאָס זאמד, ווי דער הימל.
נאָר פּלוצים אין לופֿטן, עס שווימט אָן אַ לאַנד,
ווי אַ חלום געזען אין אַ דרימל.

עס פינקלען די הײזלעך געצונדן פֿון גאָלד
און לױכטן, װי טױזנטער שטערן.
װי ס'װאָלט אױפֿן הימל מיר עמעץ געמאָלט
אַ בילד פֿון די שענסטע באַגערן.

דאָס בילד פֿונם חלום, פֿון תּנכישע יאָר,
אין מדברישן װאַנדער, גײט מיט מיר מיט.
און ס'װערט פֿון מײן שאָטן אַ ייִד אױף דער װאָר —
איך בין נישט אַלײן שױן. ס'איז דאָ נאָך אַ ייִד!..

# אפשייד

נאַכט. אויפן הימל שווימט־אום די לבנה — אַ סערפּ פון
פאַרזשאַווערטן שטאָל,
שיף־סירענעס רעוועװן ווילד, ווי הונדערט וועלף געשריגן וואָלטן
אויף אַ מאָל,
אומזעבאַרע הענט שטופּן לאַנגזאַם די שיף אַוועק פונם זילבערנעם
ברעג,
אַוועק פונם לאַנד, ווי מיט בלוט, כ'האָב געהייליקט די ערד —
און מיט ליים און מיט ציגל אינאיינעם, כ'האָב אין הייזער
פאַרמויערט די טעג.

די שיף גייט אָפּ... ס'האָט קיינער מיך געזעגנט און קיינער נישט
באַגלייט —
נאָר אין ירושלימס אַ געסל, מיין אומעט, ווי אַ קול פון אַ
וויינענדיקער פלייט,
בלאָנדזשעט אַרום און שלאָגט זיך אָן אין טורעמדיקע ווענט,
וואָס האָבן מיך מער, ווי איינמאָל וויינען שטיל געהערט —
ווען כ'האָב צום האַרץ געטוליעט זיי, ווי מיט מיליאָן פאָר הענט...

די שיף גייט אָפּ... וועלן רוישן זייער וויינענדיקן, אומעטיקן רויש,
לאַנד! ווער ווייס, אויף וואָס כ'האָב דיך, און ס'בענקען מיינס
פאַרטוישט?
דורך נאַכט און בלוט געקומען כ'בין צו דיר, געפאַלן צו דיין ערד,
ווי ס'האָט אין האַרצן שטיל, געריזלט טיף דער קינדער־ניגון
פון אַמאָל,
איך האָב אים זעלטן־ווען ביי דיר געהערט...

ס'האָט נישט מיין האַרץ פאַרכאַפּט קיין טאָן פון בענקנדיקן ניגון,
און אויך ס'געזאַנג פון „אַרבעטס־פרייד" כ'האָב זעלטן ווען געהערט.
פאַרמיאוסט האָט מען מיר, מיין בענקנדיקן, מאַמעדיקן יידיש,
ווי מען מיאוסט זיך נאָך מיט פּראַצע אויף דער האַרטער ערד,
און מיט האַנדל־וואַנדל רויש, טוט מען זיך פאַרווינגן...

די שיף גייט אָפּ... ס'לעשן פייערלעך און צינדן זיך אויף שפּיצן
פון „הדר".
דער נעפּל נעמט אַריין אין זיך די לעצטע קלאַנגען פון דער שטאָט,
עס ווייגט אין מיר. און ס'וויינט מיט מיר די שיף אין יעטוועדן טראָט,
וואָס שניידט אַריין זיך אינם ים אונטער הונגעריקן מעוועןשריי
און פאַלט אַריין מיר אינם האַרץ, וואָס איז פאַרפולט מיט אָפּשייד
און מיט צער...
1936

# טרויער...

אויף דיינע גאַסן ירושלים, וויינט מיין טרויער
צוויי טויזנט יאָר.
איך זע אים און הער אים יעדע שעה פון מיין טאָג
אין חלום און וואָר...

אין אַלע שטעט פון דער וועלט הער איך דאָס קול,
וואָס ציט זיך צו מיר.
דאָס קול פון דער טויב, פון חומש אַרויס,
געדענקסטו אין מיר ?

אין אַלע יידן פון דער וועלט זוך איך מיין טרער,
צוויי טויזנט יאָר.
פון ירושלימער גאַסן וויינט מיין טרויער
אין חלום און וואָר...

# ותחזינה עינינו

דורך בערג פול מיט טרויער, דורך טייכן פון בלוט,
דורך לעצטע געשרייען, פאַרשטיקטע געוויינען —
הויבט אויף זיך צו מיר און נעמט מיך אַרום
דאָס טייערע וואָרט: ותחזינו עינינו!

פון טויזנטער יאָרן, ס׳אונזער געבעט
אין קשר פון טרערן, געהייליקט טוט שיינען —
אין קינדערישן לאַך, אינם זיידנס פאַרגיין
דער טייערער ניגון פון ותחזינו עינינו...

געוועקט האָט דער טאָג אונז אין זיין שטילן גערזאַנג,
די שטערן געווינקען ווי אותיות צום לייענען,
און דורות מיט דורות אין וואַנדער באַגלייט —
ותחזינו עינינו...

זיי קומען די דורות, געגעגנען צו מיר
אין קידוש־השמען, אין טויטלעכע חנען;
און ס׳פינקלען די אויגן באַהאָפטן מיט גאָט —
ותחזינה עינינו...

מיין מאַמען איך זע אין לעצט־לעצטן גאַנג,
אַ זוניקער שטראַל אויף איר פּנים טוט ווייגען
דורך אייביקער נאַכט צו מיר און צו דיר:
ותחזינה עינינו...

— איז מיין איינציקער געבעט צו דיר, אָ מיין גאָט!
מיין וואָרט איז צו שוואַך, כ׳האָב קיין כח מער צו וויינען —
זאָג איינמאָל מיט אונז און ווערן זאָל וואָר:
ו ת ח ז י נ ה  ע י נ י נ ו !

דאָרף אילי, 1945

# יידישער ים

זינג־אויף אין מיר, אַ אַלטער טרייסטנדיקער ניגון,
פּלאַם־אויף אין מיר מיין ליד מיט העלסטן פלאַם!
עס רוישט אין מיר, ווי ס'רוישן איצט די וועלן
פון מיין יידישן ים.

ס'איז שפּעט אין דער נאַכט, ביי נתניהער ברעגן
אויף מולטער־שיפלעך, עס שווימען יונגע יידן,
געקומענע צו דיר אַ לאַנד פון לענדער,
דורך טויט און נאַכט און לעצטן אָטעם — מידן...

מעפּילים קומען אָן פון ווייטע, ווייטע לענדער,
גע'גנב'עט זיך דורך גרענעצן און ימים.
אויגן אָנגעצונדענע און הערצער גליען —
צו זיין ביי דיר, אַ מאַמע!

עס שרייט דער ים, ווי לייבן וואָלטן שרייען,
צי אַל דאָס שרייען איצט דער אַלטער לייב, יהודה'ס?
— צי האָט ער נישט דערקענט אונז, זיינע קינדער, יידן?
ער ברענט און ברומט און זיינע כוואַליעס, זידן, זידן...

— וואָס ליגסטו אין דיין וויטיק, שוועסטער מיינע,
שטיי־אויף, דערצייל דיין ווי אַרויס צו אָפענע ימים.
שריי־אויף צו גאַנצער וועלט דעם פּיין פון קינד,
ווען מערדער טויטן אין די גאַסן אים — די מאַמע...

געדענקסט דאָך גוט, אַ יענע נאַכט פון פּיין,
אין יענעם לאַנד פון בלוטיקע פּאָגראָמען.
ווען פון טייכן יידיש בלוט, איז געוואָרן ים —
ים פון יידישער פּיין איז זיין אמתדיקער נאָמען...

און דו, ישראל, חבר מיינער, ש ו ו י י ג !
נאָר זאָלן כוואַליעס איצט דיין פּיין צעשרייען
דעם שריי פון אונזער פאָלק — צו גאַנצער וועלט,
וואָס טראָגן דאָרף אויף שטערן אויסגעקריצט דעם צייכן: ק י ן !..

איבער קאָפּ עס קנוילן איצטער ווינטן זייערע בונטע פענער,
דאָס לעבן מיטן טויט, גייען איבער אונז אין אַ געוועט,
אונזער פּולטער־שיפל בויגט זיך, וויגט זיך, ציטערט,
נאָך איין רגע און עס וועט שוין זיין צו שפּעט...

נאָך אַ רגע און עס וואָלט דער ים פאַרשלונגען,
נאָך אַ רגע און עס וואָלט דער ים זיך אונטער אונז פאַרמאַכט —
ווי עס לעשן זיך די שטערן איצט איבער די קעפּ אונז,
וואָלטן מיר זיך אויסגעלאָשן, אין דער פינצטערניש פון נאַכט...

נאָר צו וואָס דען טראַכטן גאָר פון טויט אַצינדער?
מיר זענען דאָך אַזוי נאָענט שוין ביי דיינע ברעגן.
און געקומען זענען מיר דאָך לעבן, און נישט שטאַרבן —
העי, — שטאַרקער זאָל צעקלינגען זיך דאָס ליד פון לעבן —
ליד פון גלויבן!

מיר זינגען אויף מיט אַלע אונזערע געפילן, חושים,
מיט אַלעם, וואָס מיר אָרימע פאַרמאָגן.
און עס פלאַטערט אויף אַ קאַמף צווישן ים און ניגון —
ווי צווישן נאַכט און דעם נייעם טאָג, וואָס הויבט פאַר אונז אָן טאָגן.

נאָר פלוצים ווערט דער ים ווי איינגעשוויגן,
ווי אַ קינד, וואָס האָט שוין אויסגעוויינט זיך —
און עס האָרכן ים און הימל צו זיך צו אונזער ניגון,
וואָס מיר זינגען אויף צו דיר, אָ לאַנד, ירושלים!

הללויה! עס זינגט מיט אונז דאָס גאַנצע פאָלק,
הללויה! מזרח, מערב, דרום, צפון.
דורך דעם חושך פון דער שוואַרצסטער נאַכט,
אויפגעשיינט האָט אונזער אַלטער שטערן — האָפן!

*
**

זינג־אויף אין מיר, אַ אַלטער, טרייסטנדיקער ניגון,
פלאַם־אויף אין מיר, מיין ליד, מיט העלסטן פלאַם.
עס רוישט אין מיר, ווי ס׳רוישן איצט די כוואַליעס,
פון מיין יידישן ים.

זוניקער פרימאָרגן. בשמים׳דיקע ווינטלעך גלעטן
דאָס פנים מיר און קושן מיינע אויגן.
ביים ברעג פון ים, אויף תל־אביבער זאַמדן
ליג איך אויסגעצויגן.

איבער קאָפּ — אַ הימל בלוי, ווי בלויע אויגן,
פון שמייכלענדיקע קינדער.
איך האָרך מיך איין אין ניגון פון די כוואַליעס,
און מיין געמיט, עס פליט, פאַר אַ פויגל — גרינגער.

ווייסע כוואַליעס לאָזן אין געיעג זיך און זיי שפּרינגען,
לאַכן הויך און שטיפן, ווי ס׳וואָלטן קינדער פּלאַפּלען.
אין מיינע טיפענישן, האָט זיך ווער דערזינגען,
אין מיינע טיפענישן, האָט ווער אָנגעהויבן צאַפּלען...

ווייסע וועלן הויבן זיך, ווי ווייסע פענער
און מישן זיך אין פארבן־מיש, מיט בלויע הימלען.
און ס'ווערט די וועלט אַ שפּיל פון ווייס און בלוי,
ווייס און בלוי — ווי דאָס פּנים פון מיין יידישער מדינה...

פון ווייסע וועלן שווימען לייכט אַרויס פיל בלויע שיפן.
זיי קומען־אָן. איך הער, ווי ס'פלאַטערן די פאָן־געוועגדער.
מיינע ברידער דורך יאָרטויזנטער פון פיינען,
קומען צוריק צום לאַנד פון לענדער...

כ'זע זיי איצט. אָט גייען זיי מיט שטאָלצע טריט די בריונים,
כ'דערקען זיי: שמעון בר־גיורא און יוחנן פון גוש־חלב —
זייערע שקלאַפן־קייטן, האָט די צייט צעשמאָלצן,
ווי די לענדער, וואָס האָבן זיי געוואָלט פאַרשקלאַפן...

*
* *

עס פלאַטערן די זעגלען פון מיין יונגן חלום,
איך האָרך זיך איין אין ניגון פון די ימים,
און ס'פלאַטערט אויף אין האַרצן מיר די בענקשאַפט
צו בלייבן שוין מיט דיר, אויף תמיד, מאַמע!..

# מײַן קינד

### א.

װי װילדע װעלף עס רײַסן זיך פּרימאָרגנדיקע װינטן
פֿון די בערג אַראָפּ און שרײַען.
מײַן פֿרױ, אין לעצטער שעה, מיט קינד אין מוטער־לײַב,
אין חבלי־לידה װײען,
מיט שטילן ציטער, װי צו דער עקידה,
אין שפּיטאָל אַרײַן, מיר גײען.

עס שלאָפֿן נאָך און חלומען די הײַזלעך פֿון קאַזאַכסטאַנער דאָרף
אַ זומערדיקן שלאָף אַ זיסלעך־מידן.
די כװאַלעס פֿונעם טײַך אילי, זײ שפּרינגען אין דער הױך,
צעגליטע צישן, רױשן, זידן.
מיט לעצטע טריט פֿון נאַכט, מיר שפּאַנען שטיל אַלײן —
צװײ פֿאַרטריבענע, צװײ פֿרעמדע ײדן.
עס װיקלען זיך די װאָלקנס פֿון די בערג אַרױס,
װי טרױעריקע, װי גרױע פֿאָנען.
װי פּנימער, װאָס קומען פֿון מײַן װײַטער הײם
און פֿאָדערן, מאָנען:
ברענג אונדז אױף, באַשאַף, גיב לעבן אונדז אױפֿסנײַ
— אַ נײַער ײד, פֿאַר זעקס מיליאָנען.

די נאַכט גײט אױס, עס צינדן זיך די בּרעגן פֿונעם טײַך
און ס'ברענט דער האָריזאָנט.
עס שרײַען װינטן, װי װילדע, בײזע װעלף —
איך האָב אין זײ דערקאָנט
דאָס קול פֿון מײַנע ברידער, דורך פֿײַער און דורך אַש,
װאָס גײט צו מיר, װערט נענטער, נאָענט...

וואָס גייט צו מיר מיט מײלן־טריט און איז שוין דאָ
אין רוישן פונם טייך, פון ווינט,
אין יעדן טראָפּן טאָג, אין יעדן זונען־שטראַל,
וואָס פון די הימלען רינט.
...מיט נייעם טאָג, פאַר אונזער אָרעם פאָלק,
קומסטו אויף דער וועלט, מיין קינד.

ב

כ'האָב נישט געפרעגט ביי דיר צי ווילסט,
נאָר כ'האָב אַליין דיך איינגעשפּאַנט,
אַז טראָגן זאָלסט מיט אונזער גאַנצן פאָלק,
די לאַסט פון זיין אַ ייד,
— אַ נע־ונדנער שלעפּער, אָן אַ לאַנד.

דו שלאָפסט און הערסט נישט ווי עס רוישט
אין דיין טאַטן ס'בלוט, ווי ס'וואָלט אַ ווינט
אַרומגעגאַנגען אין זיין אינגעווייד און ס'וויינט,
אין אים, ווי אין אַ רעגן־טאָג עס וויינט די וועלט
אויף דיר, מיין קינד.

דו שלאָפסט דעם שלאָף פון ערשטע רגעס רו,
אויף דיין פּנימל אַ בלאַסער שמייכל רוט.
און ווייסט נישט, אַז בעסער איז פאַר דיר דעם הונט,
דעם עלענטן, וואָס לויפט אַרום אין גאַס,
אַז עלנטער איז פאַר אים אַ ייד.

דו שלאָפסט. איך וויג דיין וויגעלע, ווי כ'וואָלט
גערויגט דיך אין אַ גאָלדענער וואָג,
און ווייסט נישט, אַז אַ טויטע איז די גאָלדענע וויג,
אַז אין פייער איז פאַרברענט דיין באָבע און איר ליד,
און כ'האָב קיין וואָרט נישט פאַר אונזער גרויסער קלאָג.

דו שלאָפסט דעם שלאָף, וואָס ברענגט דאָס לעבן דיר אויף וואָר,
און איך בין וואַך און זע אין לעבן מיינעם איצט דעם טויט,
וואָס גייט צו מיר פון אונזער היים און ווינט,
וואָס הויבט זיך פון די בערג און קומט צו מיר
און לייגט זיך אויס ביים וויגל דיינס, מיין קינד.

איז אפשר בעסער גאָר, וואָס דו שלאָפסט מיין קינד;
וואָלט אפשר בעסער זיין, ווען דו וואָלסט דמיון זיין, סוד?
נאָר ס'רוישט דער ווינט און כ'הער מיין מאַמעס לעצטן שריי,
מיין מאַמעס לעצטן זיפץ, איר לעצטן אויגן-בליץ
געווענדעט צו גאָט.

עס רוישט דער ווינט און כ'הער אין יעדן שאָרך
די טריט, וואָס קומען אָן — משיחס ערשטע טריט.
און כ'וויג דיך אין זיין שאָטן איין — אַ גרויער שטאָרך —
זיי שטיל מיין קינד, נישט וויין, מיין קליינער — גרויסער ייד —
מיין ל ע ב ע ד י ק ל י ד!

# יעדער מענש האט אין הימל זיין שטערן

יעדער מענטש האָט אין הימל זיין שטערן,
איך האָב אים שוין נישט —
מיין שטערן פון הימלען, וויינט איצט אין מיר,
ביי דיין טיר.
שטרענגגעלעך טרערן, ווי שטרענגעלעך טוי,
טריפן די אויגן פון מיר.

האָסט זיך מיר געפנט, ווי אַ זיידענער פעכער,
געווינטלט די וועלט מיר אין פנים;
איצט ליגט מיין וועלט, ווי מיין שטערן און וויינט,
ביי דיין שוועל,
ביי דיין טיר, —
און קען נישט אַריינגיין צו דיר...

יאָמערט מיין האַרץ, ווי דאָס האַרץ פונם ים,
געפאַנגען אַריין אין אַ מושל
און ס'וואָגלט מיין ליד — אַ פאַרבלאָנדזשעטער אַלבאַטראָס,
אויף ימים אַרום.
איך האָב מיינע שיפן מיט אייגענע הענט
דערטרונקען אין תהום.

איז טרויעריק מיין לעבן מיט אומעט פאַרפולט,
און ס'וואַנדערט מיין שטערן אין אומעט אַרום
און קאָן נישט געפונען קיין שטראַל פון דיין שיין
פון די ליכטיקע וועגן צו דיר.
און ס'וויינען מיט טרויער אַלע טירן פון דער וועלט,
ווי ס'וויינט מיט צער דיין טיר...

# תפילה

לאָז מיך זיין אַזוי פּראָסט ווי אַ ביסעלע ערד,
וואָס ברענגט פון זיין טראַכט אַ גרעזל אַרויס
און זאָל ווערן געגערט,
באַוויליקט, באַגערט,
ווי אַ שטערנגעלע רעגן פון טויאיקער שויס...

לאָז מיך זיין אַזוי פּראָסט, ווי אַ זוניקער שטראַל,
וואָס טענצלט אויף אַ מענש, אויף אַ בלום און אויף מיסט —
און שטייגן און פאַלן
און ווערן פאַרפאַלן,
ווי קינדישע ליפן צו מאַמישע בריסט...

אַזוי זאָל זיין מיין ליד, ווי ברויט און ווי זאַלץ,
זיין נאָענט פאַר יעדן, מען זאָל עס פאַרשטיין.
זאָל דאָס זיין מיין לוין, זאָל דאָס זיין מיין אַלץ,
איידער עס האָט דער טויט מיך געהאַלזט —
צום פאַרגיין...

# לײדיקע שטובן ...

דאָס געװײן פֿון לײדיקע שטובן — פֿאַרלאָזטע,
איז אַרײַן צו מיר.
אָונטן האָט געטונקלט זיך אויף בלויער ברעם
פֿון פֿענסטער־רעם
און כ׳בין אַלײן געװען.

דאָס געװײן פֿון לײדיקע שטובן — פֿאַרלאָזטע,
איז אַדורך דורך מיר.
און כ׳בין געשטאַנען, — איך אַלײן אַקעגן מיר
און האָב געװאַרט, געװאַרט ס׳זאָל עפֿנען זיך די טיר,
אין װעלכער כ׳זאָל אַרײַן,
אַרײַן צו זיך אַלײן.

און דערװײַלע האָבן צװישן זיך די װענט גערעדט —
איך האָב זײ נישט פֿאַרשטאַנען
װי כ׳האָב נישט פֿאַרשטאַנען מײַן אײגן האַרצס געבעט —
די שטילע װײַסע לאַנען,
װאָס האָבן אויסגעצױגן װײכע, װײַסע העלזער
צו מײַנע הענט —
און געבעטן:
ש ע כ ט ...

# אייז - ים

טויזנט טשעלאָס, שפּילט מיר לידער!
ס'איז מיין האַרץ מיט בלענד צעפּלאַמט.
נשמה מיינע, קני אַנידער,
בוק זיך פאַר דעם ווייסן ים!

ווערטער מיינע, שטומט די אָטעמס,
הערט ווי ס'שווייגט די שטילקייט, שאַ!
— כ'בין איצט קינד פון זון און שאָטן,
כ'קען בלויז שטאַמלען: מאַמע, מאַ!

כ'בין איצט קינד פון ערד און הימל,
מיין ערשטע רגע איז איצט דאָ.
מיין ערשטע שעה דערוואַכט פון דרימל
אין פאַרבן־שפּיל פון בלענד און בלאָ.

# ווייסע לידער

מיין טייערן חבר ד"ר ב. אייסאַראָוויטש

1

בערג! פּנימער פון דורות, קומט צו מיר אַרויס,
ווי אַן אָפן טויער, בין איך פאַר אייך איצט אָפן.
מיין ערשטע שעה,
איך האָב זי דאָ,
זי האָט געוועקט זיך פונם שלאָפן.

אָט הויבט זיך אויף צו מיר אַ קאָפּ,
ער בליקט צו מיר מיט זיינע אויגן
און ס'הענגען זיינע הענט אַראָפּ,
ווי ווייסער בלענד, וואָס האָט אים איבערגעצויגן.

ער גייט צו מיר, איך גיי צו אים —
מיר טרונקען אויס דעם ווייַן פון זונען.
און פרייען זיך די גרויסע פרייד:
מיר האָבן זיך אויפסניי געפונען...

2

אין ווייסן טאָל האָט געגוססט דער טאָג,
מיט אַ בלענדיקן טויט.
שוואַרצע פייגל האָבן אים צעטראָגן
און צעשפּרייט.

האָבן בוימער אַראָפּגעלאָזט די הענט
און בערג — די קעפּ.
בלויז די לבנה האָט אומעטיק געברענט,
ווי אַ פּנים אַרוים פון קרעפּ.

כ'בין שטום געווען, ווי די בערג אַרום
נאָר אין האַרץ האָט געברויזט.
ווי אַ טויזנט יאָרנדיקער אַלטער בוים,
וואָלט זיך דאָרט צערוישט.

אין ווייסן טאָל האָט געגוססט דער טאָג
און אין מיר — די טאָגיקע פרייד.
כ'וואָלט אָוועקגעגעבן אַ סך, וואָס כ'פאַרמאָג,
צו שטאַרבן מיט אַזאַ מין טויט!

3

שאַ! די שטילקייט איז מתפּלל
צו מיר אַ ווייסע תּפילה.
פאַל איך אויפן פּנים און קוש
די שנייעלעך, די שטילע.

נאָר ווי איך ליג אַזוי און הער
פון שניי די שטילע תּפילה;
שאַלט אַ קול פון בערג אַראָפּ:
וואָס וויל ער דאָ, וואָס וויל ער דאָ?

וואָס רויבט ער מיר מיין רו דער מענטש?
מיין רו פון לאַנגע דורות.
אויף שפּיצן בערג גייט - אום דער טאָג
אין זילבערנע מנורות.

די נאַכט פליט-אָן אויף שוואַרצע אָדלער
און פאַלט אַריין אין מיינע אויגן.
און כ'וועל אַליין אַ טייל פון בערג,
וואָס האָבן זיך מיט נאַכט באַצויגן...

4

אויף די בערג איז היינט אַן אָדלער געריטן,
זוייס איז די וועלט און איך בין אינמיטן.
שפּילט זיך די זון מיט זיין מאַנטל פון בלענד
און ס׳ציִען דערפרייטע די וועלדער די הענט
און שפּילן אַ פריילעכס, און זינגען אַ ליד —
דאָס ליד פון באַפרייטן געמיט.

הויב איך מיין קאָפּ צו די שפּיצן אַרויף:
— אָט דאָ איז דער אָנהויב און דאָ איז דער סוף
פון דער וועלט!
און ס׳שטראַלט־אויף מיין האַרץ מיט אַ זוניקן שיין

און ס׳נעמט מיך דער ריטער אין זיין מאַנטל אַריין
פון דער וועלט.

אויפן וועג צום מאָן־בלאַן

# דאָס ליד פון שוואַנגערע פרויען

עפן מיר!
די טירן פון דער וועלט זענען צו —
און פון מיינע אינגעווייַדן, קלאַפּט דאָס נפשל אַרויס:
עפן!
ציטערט־אויף מיין בלוט אין מיר,
פלאַטערט־אויף מיין טרער אין מיר,
איך: אַליין — דער שלאָס, אַליין — די טיר.

קלאַפּט דאָס נפשל אין טיר פון וועלט
און אויפן קעפּל אים אַ פּלעמל העלט:
הוד, יסוד און חן.
ווערן ליכטיק אַלע טירן, ווערן העל;
טענצלט ס'נפשל און קלאַפּט צום טאַנץ
און די טרער נאָך מערער גלאַנצט —
ציטערט־אויף דאָס בלוט אין מיר,
פלאַטערט־אויף די טרער אין מיר
און קלאַפּן מיט מיט מיר,
אַליין — דער שלאָס, אַליין — די טיר.
דאָס ליד פון נפשל, וואָס קלאַפּט אין טיר פון וועלט:
עפן, עפן, עפן מיר!

# שלאָפנדיק קינד

אביבה׳ן

אין באַגינענדיקן הימלעכן אָטעמען פון צימער,
וואָס האָט אַ גאַנצע נאַכט געוואַרט אויף עמיצנס אַן אָפן אויג,
האָב איך דערקענט אין דיינע ברעמען אַראָפּגעהאָנגענע,
ווי פלוימען, וואָס הענגען שוין די לעצטע איבערייפטע טעג
און ס׳בענק דער טל פון זיי אַראָפּ און בענקט אַ מענטשן־ליפּ —
דיך, מיין קינד!

אין שפּעטנאַכטיקן, מידן, שלאָפוולנדיקן צימער,
וואָס איז פאַרפולט מיט מיינע אָנגעשטייפטע הענט פון אַרבעט
אויסגעצויגענע צו שילדן, וואָס וואַרטן מיינס אַ גלעט,
האָב איך דערפילט, ווי ס׳איז יומטובדיק געוואָרן מיין געמיט,
ווי ס׳איז יומטובדיק און קאָפּ־אַרויף געהויבן איצט מיין ליד —
דיך, מיין שלאָפנדיק קינד, דו קינד פון מיר!

# די תפילה פון א כלייניווקסיק מיידל

די צוויי און צוואנציק יאָר, וואָס עפענען די מיילער און די אויגן
מיט אַ שטיל געוויין און מיט אַ טענה
צו מיר —
שיק איך צוריק צו דיר
מיין גאָט!

כ׳האָב נישט באַרירט מיט פינגערלעך פון פרייד זיי,
כ׳האָב נישט געלאָזט די פייערלעך פון לוסט זיי שפּילן;
בעטן זיי און וויינען זיי און ווילן
איך זאָל זיי געבן
זייער נישט־דערלעבטן לעבן.

עס רייסן איצט אויף אַלע שויבן פרילינגדיקע שמייכלען
און לאַכן חנעוודיק אַראָפּ צו מויערן און צו שטיינער,
וואָס ציען פרילינגדיק די אַקסל הויך און העכער.
בין איך ערגער דען פון דעכער,
וואָס וואַקסן הויך אַרויף צו הימלען?

אַ שמעטערלינג לעבט איין טאָג נאָר, און לעבט זיך אויס זיין לעבן,
אַ גרעזל זינגט זיין זמר אויס אינגאַנצן.
מיינע צוויי און צוואנציק יאָריקע גלידער, ווילן טאַנצן, טאַנצן
און קענען נישט. אין בעסטן בלי, אין מיטן,
האָסטו זיי, ווי צווייגן אָפּגעבראָכן, אָפּגעשניטן...

אַ בוים לעבט הונדערט יאָר און וואַקסט אַרויף נאָך העכער, העכער,
מיינע צוויי און צוואנציק יאָר, ווי אַ שטילער זיידנפעכער,
שפּרייט איך אויס פאַר דיר:
צעבלי זיי,
צעגלי זיי,
אָדער נעם צו פון מיר!..

# צו בעטהאָווען

ברענען די ליכטער פון טויזנטער דורות. ווער האָט זיי געצונדן?
דרייט זיך דאָס שפּינראָד. עס דרייט זיך אַליין?
דער ווײַן ברענט אין בלוטן, ווערט בלוט אויך דער ווײַן
און היילט, ווי די זון, אויף קראַנקע, צעלעכערטע לונגען.

האָסט געקלאַפּט מיט שאַרפע הענט אויפן קאָפּ פון דומס,
האָסט געהערט סיגעוויין פון אייביקער נאַכט פון זיינע טיפן.
דער האַר קען נישט זיין וועלט דערשאַפן ביזן סוף פון אַלע סופן;
ער וואַרט, דו זאָלסט דעם דומס מיט דיינע טענער וועקן, רופן...

האָסט אַרויסגעשלעפּט די ווינטן פון זייערע טונקלדיקסטע היילן,
איצט ליגן זיי ביי דיינע פיס און וואַרטן, וואָס וועסט זאָגן.
שווער פאַרזיגלט מיטן שווייגן זענען זייערע מיילער —
קענען זיי נישט שרייען, נישט וויינען און נישט קלאָגן...

ליגן זיי צענויפגעקנוילט, ווי וואָלקס, וואָס הענגען
אין לופטן. איידער־נאָך זיי גייען טרינקען פון די ימים.
ביז דו עפנסט־אויף די אויגן און פון דיינע פינגער
צעשיטן זיך, ווי צינדנדיקע שטערן — דיינע גאַמען.

האָסט געצויגן דיינע טענער פונעם ווילדסטן עבר,
אויסגעריסן זיי מיט וואָרצל פונעם אורוואַלדס־שטאַמען!
איז דיין יעדער טאָן — אַ טאַטע און אַ מאַמע,
וואָס געבירן זייערע קינדער, מיט די קדמון־פלאַמען...

צעקלינגען כ׳וויל דעם טעלער מיט זילבערנע גלעקער — לבנה,
צעהילכן כ׳וואָלט וועלן די מעשענע פויק — די זון דאָרט.
און שווימען דורך ימים פון בענקשאַפט, צו דיין זינגענדיקן באָרטן
אָ, נאַדיר דאָס האַרץ — מיינס און נעם עס — מיין קליינע מתנה.
בעטהאָווען!

# קנאספּן

1
פון ווייסע בערג הויבט זיך אויף דיין קול
און ציט זיך אויף מיט שטערן אין אַ שניר
דיין קול פון ליבע אויסגעצערטלט טיף אין דיר,
ד׳ערהערנס מיינע ווענט, מיין שויב, מיין טיר —
דיין קול פון ווייסע בערג, וואָס הויבט זיך אויף צו מיר.

2
עס האָבן בוימער אָנגעטאָן זיך ווייסע קיטלען
און דאַווענען בלחש זייער לויב־געזאַנג
שפּיצט אַ העזל אויף די אויערן אין מיטן גאַנג,
און אַ וועוועריקל פאַרגעסט זיך פון אַ ווערעמל־פאַנג —
פון דיינע וועגן זינגט זיך תפילהדיק און באַנג.

3
מיט האַרבסט אין אויגן, ביסטו איינגעשלאָסן
און עפנסט זיך מיט קלאָרן, ווייסן שניי.
די וועלט פאַר דיר, מיט האַרבסט זי איז פאַרביי,
מיט דיר, זי הויבט זיך אָן, פורעמט זיך אויפסניי —
פון מיר און דיר און א י ם — זי איז שוין פריי...

4
זי איז שוין פריי! מיט מזל און מיט ברכה!
מיט ווייסן שניי, גיב אָפּ צו גאָט אַ לויב;
עס וואָרקעט אין מיין האַרץ די ליבע ווי אַ טויב:
— פאַרטרייב דעם צער פון דיר, ווי ס׳טרייבט דער ווינט דעם שטויב —
מיט ווייסן שניי, גיב אָפּ צו גאָט אַ לויב, און גלויב!

# א ליבע־ליד

לאהן

קום אַנטקעגן מיר מיין בענקען און ווער מיר גרינגער,
פונם קלענסטן ווינטל, פונם לייכסטן רויכל.
איך צי מיך אוים צו דיר אויפן חלומס שפּיצן־פינגער
פון די טיפסטע טיפן, ביז די העכסטע הויכן...

דו עפנסט זיך מיר אויף, ווי בלעטער פון אַן אַלטן חומש,
אין ציטערדיקן ניגון פון מיינע קינדער־יאָרן.
איך זע די וועלט מיט אויגן פּאַרכטיקע און פרומע,
איך זע די וועלט אין ערשטע שעה פון איר געבוירן.

עס ציען זיך די טייכן און די ימים,
עס הויבן וועלדער אויף די קרוינען, זוניקע, צעבליטע.
— איך בין אדם, — ס'ערשטע קינד פון ערד — דו די יונגסטע מאַמע,
און בענק צו דיר, אַ חוה מיין, פון דעמלט־אָן ביז איצטער...

# ווען דו ווערסט טרויעריק

ווען דו ווערסט טרויעריק, מיין קינד,
פון אומעט די אויגן פאַרבענקט,
ווער איך ווי אַ רעגנדיקער טאָג.
און דאָס איינציקע שטרענגעלע פרייד, וואָס הענגט
אויף מיין איינציקן בוים, וואָס כ'פאַרמאָג —
ווערט צעפליקט פונם ווינט.

ווען דו ווערסט טרויעריק מיין קינד
און ס'שווייגן די ליפּן דיינע פאַרשטיינט —
ווער איך, ווי אַ טאָן פון פידל אַרויס,
וואָס באַוויינט זיך אַליין —
און גיי אויס,
ווי אַ בלייכער וואָלקן אינם ווינט...

# בין־השמשות

ווינטעלע, האַלט־איין דעם אָטעם,
זיי שטיל!
ס'איז איצט יציאת־נשמה,
ס'הויכט־אויס די זון איר לעצטן אָטעם
און ס'וואַסערל זידט און קאָכט,
באַלד וועט זיך די זון דאָרטן טובלען
און קומען ריין פאַרן כסא־הכבוד...

ווינטעלע! האַלט דיך איין — זיי שטיל,
נישט פּלעסקע וואַסערל, ס'זאָל זיך פּאַליען.
זאָל ריינער זיין דאָס קול פון מלאכים,
וואָס זינגען אָוונט־תפילות...

ווינטעלע, זיי שטיל
כ'וועל אויך מיין האַרץ איינהאַלטן,
ס'זאָל נישט קלאַפּן —
נישט שטערן די הייליקע שטילקייט,
כדי גרעסער זאָל זיין דער טרויער,
בעת יציאת־נשמה,
ווען עס שטאַרבט־אָפּ אַ טאָג...

1920

# מלכתא שבת

מיין טייערן יוגנט־חבר דעם דיכטער י. ה. ראָדאָשיצקי.

טוליע־צו ס'קעפּעלע, קינד מיינס און הער,
הער ווי עס דאַוונט בלחש די טרער
פון דער מלכתא שבת.
די הענטעלעך גיב, די אויגן מאַך צו,
עס שוועבט באַלד צוריק אין איר פּאַלאַץ פון רו
די מלכתא שבת.

אַמאָל, שוין פון יאָרן, פון צייטן גאָר לאַנג,
ווען וועלט איז געווען אַ הייליק געזאַנג
געלייטערט און ריין.
איז אייביק געוועזן נאָר שבת אויף דער וועלט
פון יעדערן ווינקל, געשיינט האָט, געהעלט
מיט שכינה און חן...

מיט שכינה און חן, מיט ליבע און גנאָד,
און ווי־נאָר מען קערט זיך, מען ווענדט זיך — איז גאָט —
געלויבט זאָל ער זיין!
אַמאָל, אוי אַמאָל, פאַרנעם קינד און הער:
די מלכתא שבת ווישט זיך אַ טרער
פאַרגייט אין געוויין...

טוליע־צו ס׳קעפּעלע קינד מיינס, און שווייג.
די זיידענע קליידער, פאַרטווישטו זי אויף צייג —
די מלכּתא שבּת.
נענטער זיך פּעסטער קינד צו מיר צו,
עס וויל נישט אַריין אין איר פּאַלאַץ פון רו
די מלכּתא שבּת...

זי וויל נישט אַוועק. ס׳איז איר וואויל דאָ און גוט,
מיט דיר און מיט מיר — אַ הייליקייט רוט
פון די מלכּתא שבּת.
זיי הייליק און שטיל, ווי ס׳איז דאָס געמיט,
ווען וועלט איז אינגאַנצן ס׳געצונדענע ליד
פון דער מלכּתא שבּת...

# זונפארגאנג אויפן ים

שיפעלעך, שיפעלעך פון גאָלד,
איך וואָלט אין אייך פאָרן איצט געוואָלט,
זיך וויגן, זיך וויגן אַזוי,
ווי ס'וויגט אויף אַ זאַנג זיך דער טוי.
שיפעלעך, נעמט מיך אַריין:
וועלט — אַזוי גרויס, איך — אזוי קליין...

## ס'וועט זיין

ס'וועט זיין
יאוש און בטחון וועלן זיך ראַנגלען
און זיך שטאַרקן איינער איבערן אנדערן
ביי מיר אין האַרץ —
וועל איך אין אָנמאַכט זאָגן אַזוי:
גרויסער, גרויסער גאָט!
דו, וואָס שפּייזט אַ יעדער פייגעלע,
דו, וואָס באַפרוכבערסט אַ יעדער גרעזעלע,
דו, וואָס גיסט כח דעם מוילוורף
צו טראָגן אויף זיך בלידערהייט
די משא פון דער ערד
גלויבנדיק דיר,
אַז ער וועט די ליכטיקייט דערזען — —

פאַרוואָס, פאַרלאָסטו מיך,
ווען איך וויל אין דיינע וועגן גיין?

1920

# צום אלטן בדחן

אָ, בדחן האַרציקער, ערשטער יידישער פּאָעט,
דיין צער דרינגט טיף אין מיר אַריין. דאָס קול פון יעדער טרער
הער איך אין מיין בלוט, עס פּאַליעט דאָרטן שווער.
אָ, נע־ונדנער מלאך־זינגער, גיב אַ שטילן גלעט.

איך וואָלט געגאַנגען איצטער אין אַ ציל־געוועט,
ס׳זאָל עמיץ טרעפן, זאָגן דיר דיין האַרץ־באַגער.
גיי פרעג, צי וואָלט עמיץ אָפּגעגעבן פאַר דיר אַ טרער,
צי אַ שמייכל, ווען דיין אייגן האַרץ, אַ שמייכל גאַרט און בעט...

אָ, גיב די הענט און טוליע פעסטער, ברודער פון איין שטאַם.
אַראָפּגעוואָרפענע פון הימלען מיר, צעשפּרייט אין וועלט.
ס׳איז פינצטער אונזער פלאַך, נאָר אין טיפער־טיפעניש העלט.

זינג לוסטיק, ברודער! פריי זיך מיט דיין לייד און פּיין.
עס מוזן אַלע מענטשן שטיל נאָך אונז אין רייע גיין,
ווי ס׳מוזן אַלע טייכן לויפן צו דעם האַרץ פון ים...

# קראנקען - שוועסטער

א

זיי שלייכן זיך אַריין ביינאַכט אויף שפּיצן נעגל,
אין ווינקלדיקע צימערן, וואו טויט צוקאָפּנס שטייט.
ביי קראַנקע, ביי געווינערינס, ווען לעצטע שעה איז אָנגעגרייט,
ווען לעבנס-שיף האָט אָפּגעלאָזט שוין אַלע אירע זעגל.

מיט ווייסע הענט, ווי ווייסע טישטוכער אויף טישן אויסגעשפּרייט,
ווישן זיי דעם שוויים אַראָפּ פון פּנימער, פון אויגן.
און עפּנט-ווער צום לעצטן מאָל זיין אויג: אים דוכט, אַז אָנגעפלויגן
פון די הימלען איז זי, און געברענגט די טרייסט, די פרייד...

זיי שלייכן זיך אַריין ביינאַכט אין טונקעלע שעהען,
און בליקן שטיל און זיפצן פרום אויף מענטשנס ווי און צער,
וואָס ווייגט-אַראָפּ פון בעטגעוואַנט, פון בלייכע הענט.

און ווען דער ערשטער מאַרגנשטראַל הויבט-אָן צו גראָען —
עס קומט דער טאָג, אוועק איז די נאַכט — די צייט פון טויט-
געפאַר;
אַ לעצטן בליק אויף פּנימער — און שלייכן זיך אַרויס ביי ווענט...

ב

בייטאָג, ווען ס'לעבן לאַכט אַראָפּ פון יעדן יונגן מענטש,
שלאָפן זיי אין בוידעמדיקע שטיבער, וואו ס'נעסטיקט זיך די נויט.
אַריבער זיי — דער גוטער בליק פון מאַמעס פנימער פאַרגרויט —
אַריבער זיי — דאָס גוטע וואָרט, וואָס לויבט פאַר אַלץ און
בענטשט.

בייטאָג, ווען ס'קושט די זון און נעמט אַרום מיט פרייד,
קורטשען זיי אין בעטגעוואַנט זיך פעסטער, פעסטער איין...
און ציען־אויס אין חלום, טוליען איינגן קינדס געוויין,
וואָס איז אַ חלום בלויז, מיט אייגעלעך צעבלויט...

זיי חלומען בייטאָג דעם מיידל־חלום פון די נעכט
און טוליען אים אויף פרעמדע קינדערלעך — אין נעכט אויף וואָר,
און פרייען זיך מיט פרעמדן גליק, ווי מיט אייגענעם וויי און פּיין.

און ווען ביי אַלטער מאַמען עפנט זיך אַ וואונד און ליפּן מורמלען:
שלעכט.
שוין צייט, מיין קינד, שוין צייט, אַ שאָד די גוטע מיידל־יאָר —
שווייגן זיי, ווי ס'שווייגן פנימער אין רגעס פון פאַרגיין...

# ביטול

און וואָס קען העלפֿן, מענטש דיר דיינע טרערן,
קענסט דאָך סיי־ווי־סיי נישט מאַכן דיר פֿון זיי קיין ים;
און אַז אפֿילו, ס׳וואָלט שוין יאָ פֿון זיי אַ ים געוואָרן,
צי וועסטו קענען דען אַריבערשווימען אָט דעם ים?

צו וואָס דען נישטערן און זוכן און זיך גריבלען
צו דערגיין פֿון וועלט, פֿון גאָט, דעם סוד, דעם פּלאַם.
אַז אפֿילו וואָלסט שוין יאָ דערגאַנגען אָט די אַלע סודות,
צי וואָלסטו דען אַליין געוואָרן אָט דער פּלאַם?..

# קאמונארן־וואנט

דאָס פאָלק — אַ טייך, וואָס לויפט אַריבער ברעגן,
עס האָט מיט קראַפט פאַרפלייצט שוין גאַנץ פּאַריז.
און טריט ווי מיינע, שטאָלץ מיט בונט אויף וועגן —
אָ קוק די אויגן אָן — וועסט מער נישט פרעגן,
עס שפּאַנט איין גוף — מיליאָנען פנימדיקער ריז!

עס זינגט דער ווינט מיט פרילינגדיקע טענער,
נאָר ס׳זינגען הערצער שענער נאָך דאָס ליד.
און ס׳זינגט דער הימל מיט, ס׳זינגט מיט די סענע,
און ס׳זינגען מיט די פלאַמיק־רויטע פענער,
וואָס האָבן איבער קעפּ, ווי רויזן, רויט צעבליט.

און פּלוצים — שאַ! די וואַנט פון קאָמונאַרן,
ס׳ווערט שטיל ס׳געזאַנג, עס שווייגט מיליאָנען מוט.
נאָר ס׳פלאַמט אין אויגן אויף באַגער — אַ פייערדיקע רוט,
און הערצער קלאַפּן שטאַרקער, שנעלער לויפט דאָס בלוט,
וואָס ציט דורך דורות זיך צו וואַנט פון קאָמונאַרן.

און ס׳הויבן זיך אין לופטן אויף די יונגע פויסטן.
מיליאָנען־ריז עס האָט געוואַגט, געוואָלט.
און איבער פאָלק — אַ טייך, אַ שטורעמדיק־צעברויזטן
עס פלייצט די זון מיט פרילינגדיקן גאָלד:
ר ע ו ו אָ ל ט !

## פון דער פּאָעמע: לאָדזש

ווי אַ חיה — אומגעהויער,
געפאַנגען אין אַ שטיינ.
לויף איך מיט מיין טרויער,
קריץ די ציין און שוויינ.

ס'איז דער וויי נאָך גרעסער,
פאַרן גרעסטן ליד.
און שאַרפער פאַרן מעסער,
איז אין האַרץ דער שנים.

ס'שלעפּן מיינע פיס מיך,
דורכן געטאָ גיין.
אַ הויז — אַ טויטן־תּפיסה, —
לאַגעווניצקע 9.

פון דאָ מיין ליבער מאַמען,
מען שלעפּט צום לעצטן גאַנג.
צוויי פינטלעך זונען־פלאַמען,
אין אירע אוינגן צאַנקט.

זי בליקט צו מיר אַ לעצט מאָל
און נאָכדעם — זי פאַרשווינדט.
מיט לעצטער טרער באַנעצט זי,
דעם קאָפּ פון שוועסטערס קינד.

אין קאַלטער שטוב אין ווינקל,
דאָרט ליגט מיין שוועסטער — טויט,
דער לעצטער זונשיין פינקלט,
אויף אבלדיקער הויט — — — —

איבער טויזנט מיילן,
דאָס אַלעס כ'האָב געזען.
מיין טריישאַפט, כ'קען נישט טיילן,
כ'בין דאָ, כ'בין דאָ געווען...

— מיט מיינע לאָדזשער יידן,
איך שפּאַן דעם לעצטן וועג.
— מיט זעלבן גורל שמידן,
איך וועל אויך מיינע טעג...

אין נעכט, אילי, דער טייך האָט,
געשריגן זייער שריי.
אין קוימענס זיך געררייכערט,
האָב איך זיך דאַן מיט זיי...

אין קאַזאַכסטאַנער ווינטן,
איך האָב דעם וויי דערקענט.
און שנעלער פאַר די אינדן,
מיט פּיס פון פיין פאַרברענט.

בין איך אהער געפלויגן,
מיט לעצטער טרייסט פון האַרץ — — — —
זיך אויסגעוויינט די אויגן,
צו נאָרנישט זיך דערוואַרט...

אין שטערן אויפן הימל,
געזוכט האָב איך באַשייד.
דעם פּאַראָל און סימן :
אַז אויפשטאַנד איז געגרייט!..

נאָר ס'האָבן זיך די שטערן
געלאָשן אינעם ווינט.
און אַלע די באַגערן,
געבליבן זענען בלינד... — — — —

איצט שפּאַן איך אויף דער וואָר דאָ,
מיט מײַנע מידע טריט.
פון אַלע טויזנט יאָרן —
אַליין, אַ לעצטער ייד...

עס טונקלט זיך דער אָוונט,
אויף תרובדיקע ווענט.
און שטילע, ווי פאַראַבלט,
נישט צו זיין דערקענט.

עס ציען זיך די שאָטנס,
פון מיר צום האָריזאָנט.
און ווי צום ברענען, בראָטן,
וואָלט עמיץ זיי געמאָנט —

עס ציען זיך די שאָטנס,
פון מיר ביז עק פון וועלט.
פון מײַנע געטאָ־דראָטן,
ביז צום טויטן־פעלד.

עס ציִען זיך די שאָטנס,
דורכזיכטיקע, ווי קרעפּ —
און ווי אין פּיין־חרטה,
זיי שאָקלען מיט די קעפּ.

ווי קעפּ אין לעצטע רגעס,
אָפּגעהאַקט פון גוף. — —
מיר דוכט: איך הער זיי פרעגן:
איז דאָס, איז דאָס דער סוף?

עס טונקלט זיך דער אָוונט,
מיט נאַכט איך בלייב אַליין.
און ס'הילט מיך איין דער אומעט
פון לאַגעווניצקע 9.

עס צינדט זיך אָן אַ שטערן,
און לעשט זיך אויס אין ווינט.
די לבנה, ווי דורך טרערן,
פון אַ טרויעריק קינד.

זי בליקט צו מיר אַראָפּ דאָ,
באַלייכט דאָס טויטן־הויז;
און ס'דוכט מיר: כ'זע מען קאָפּעט
אַ גרויסן קבר אויס.

איך זע, ווי רידלען גראָבן,
בלויז רידלען — אָן די הענט
זיי גראָבן, ביז זיי האָבן
די ערד פון ענד צו ענד.

צעריסן און צעאַקערט —
די רידלען אָן די הענט. —
און די אַרבעט פּלאַקערט,
און די אַרבעט ברענט!

ביז ס׳הויבט זיך אויף און טורעמט,
די ערד — צו הויכע ווענט;
דאַן נעמען זיך געאָרעמט,
די רידלען אָן, ווי הענט...

צעזינגען זיך און טאַנצן,
אין טויטער נאַכט אַריין.
זיי פינקלען און זיי גלאַנצן,
אין לבנהס שטערן־שיין.

זיי טאַנצן און זיי זינגען,
פון טויט דאָס לעצטע ליד.
און הויבן זיך און שפּרינגען —
ביז זיי פאַלן מיד. — — —

און פּלוצים — פון די רידלען,
פול ראָבן וואַקסן אויס.
און ווי אויף שוואַרצע פידלען,
מיט ציינער ווייס און גרויס,

צעשפּילן זיי אַ ניגון
גאַנץ ווייט און אומבאַקאַנט.
און ס׳קומען־אָן אין וויגן
ווי פון אַן אַנדער לאַנד —

פול קינדער־קעפּ צעשויבערט,
מיט קעפּ פון זקנים — גרוי;
און ווי ארויסגעצויבערט,
פון טונקלער נאַכט ארויס — — —

זיי לויפן פון די וויגן,
צו שווארצע רידלען צו.
און צום טאַקט פון ניגון
זיי טוען רידלען אָן. — — — —

באַלד ווערט פון קאָפּ און רידעל
אַ מענטשלעכער סקעלעט.
און ווי מיט ווערטער מידע,
דוכט זיך מיר: מען רעדט.

ווי ווערטער שטילע אין יידיש
צניעהדיק, פאַרשעמט.
מיט דורותדיקן חידוש —
איך האָב זיי באַלד דערקענט — — —

...מיין ליבער קינדער־לשון
דו ביסט מיר אזוי באַנג!
— ווערסט קיינמאָל נישט פאַרלאָשן,
פון האַרץ און פון געדאַנק...

...מיין מאַמעס שטילע תפילות,
מיין באָבעס קלוגע רייד. —
דאָס לערנען פון אַן עילו,
פון מיין תּדר־צייט.

מיין ליבע. שיר־השירים.
דאָס חתן־כלה ליד.
— דורך אַלע טויט־יסורים,
עס הייליקט דיך א ייד.

דעם זיידנס אַלטע ווערטער,
די אייביקע געזאַנגען.
פון אַלטע, אַלטע ערטער —
דורך דורות ס'איז געגאַנגען.

פון איבער מדבר־וועגן,
ביז צו די בבל־טייכן.
זיי קומען איצט אַנטקעגן
און איילן זיך דערגרייכן

צו מיינע לעצטע ברעגן,
און וואונדערלעכן חידוש.
און ווי מיט מיילער פרעגן,
זיי מיך אין פּראָסטן יידיש:

צי האָב איך נישט פאַרגעסן,
דעם טאַטנס פרומען ניגון?
די שבת'ע מעת־לעתן,
וואָס פלעגן מיך פאַרוויגן.

צי קען איך שוין פאַרטייטשן,
א פסוק פון דער תורה? — — —
און פּלוצים — ס'דוכט מיר: דייטשן,
איך ציטער און כ'האָב מורא.

די דייטשן בייז מיט שווערדן
צעגלאַנצטע און געשאַרפטע.
ווי אַרוים פון ערד, פון
תהום אַרויסגעוואָרפן. —

זיי שרייען און זיי זידלען,
בייז „הייל" און „יודע" רופן,
צו די קעפ אויף רידלען,
צו די רידלען־גופים.

זיי פלוכן און זיי שעלטן,
אַזוי ווי דייטשן קענען.
ווי „הערן" פון די וועלטן,
וואָס דוכט זיך זיי, זיי זענען...

זיי ציען זיך אין מחנות —
מיליאָניקע אַרמייען.
— איז אמת? צי געדאַכט איז —
איך זע: זיי גייען, גייען.

זיי בויגן זיך צו גריבער,
זיי שטייגן צו די הייזער.
— פון אַלע ערטער ליבע,
זיי נעמען זיך באַווייזן.

פון איבער שטעט און גאַסן,
פון איינגענג און פון הויפן.
אַ שטראָמענדיקע מאַסע,
זיי יאָגן און זיי לויפן —

דורך ברענענדיקע שולן,
פאַרוויסטע הייליק־ערטער.
דעם טויטן־האַס צו שטילן
מיט בלוטנדיקע שווערדן.

פון איבער שטיין און שטאָקן,
פון איבער פּלויט און דעכער.
מיט גאווה — אומדערשראָקן
זיי הויבן זיך אַלץ העכער... —
— — — — — — —

זיי פּילן־אָן די רוימען
צו די הימלען גרייכן — —
דורך די לעצטע צוימען
מיטן טויטן צייכן — — —

און פּלוצים — פול געוואָרן
אַרום דאָס גאַנצע אָרט.
איך הער אַ קול עס צאָרנט,
עס הילעכט הויך אַ וואָרט.

דאָס וואָרט, וואָס כ'האָב דערהערט עס
אין מיינע ערשטע טעג;
ווען הימל און ווען ערד איז
געווען מיין פאַרמעג.

דאָס וואָרט, וואָס כ'האָב געשטאַמלט —
וואָס כ'האָב געהערט פון גאָט.
— איך זע דאָ איצט מיין מאַמען,
זי שרייט עס הויך דאָס וואָרט. — —

און ס׳בלייבן שטיין די דיימשן,
און ס׳קומען יידן אָן.
און פרעגן: איז די צייט שוין,
און טוען בגדים אָן.

זיי הויבן זיך און שטייגן
ווי איבער הויכע טרעפּ.
די טויטע אוינן שוויינן,
פון זייערע טויטע קעפּ.

די טויטע ליפּן שוויינן,
עס רעדן בלויז די הענט.
וואָס זענען ווי די צווייגן,
אויף קויל און אַש פאַרברענט.

די טויטע גופים שוויינן,
תכריכים רעדן הויך.
און ציען זיך און שטייגן
די ווערטער בלייך פון רויך.

ווערט יעדער אות און צייכן,
אַ לעבעדיקער ייד.
און הויבט זיך צו די הייכן
און פלאַטערט ווי אַ ליד.

# ארטור זיגעלבוים
# עקידה

פּאָעמע

ס׳גייט נישט דער טאָג היינט אויס אין נעפּלדיקער נאַסער פאַגע,
ווי תמיד ס׳גייט דער טאָג אַוועק אין רעשנדיקן לאַנדאָן:
— אין פלאַמען - פייער, סירענען - שריי, וואָיענדיקער טרעוואָגע,
און — אין די אויגן פון אַ ייד, פון פּוילן - לאַנד פאַרבלאָנדזשעט.

דער ייד איז נישט אַליין דאָ מיט זיין וויסטן ווי און יאָמער,
— עס זענען מיט אים דאָ מיליאָנען — פרויען, קינדער, זקנים.
פון די געטאָס האָבן זיי צו אים זיך ברידערלעך געקלאַמערט,
ווי מיט זיינע טאַטן קאָנען וואָלט ער, לינדערן די פּיינען.

דער ייד איז נישט אַליין דאָ. עס גייט נישט אָפּצוטיילן
אַ ייד פון פּוילן — דורך אַלע דורות, אַלע צייטן.
טראָגט ער אין זיין טיפסטער טיף די אַלע גרוילן —
די אַלע טויזנטער יסורימדיקע טויטנס - טויטן.

ס׳האָט דער גורל געגורלט אים און אויסגעקליבן
פאַר זיין ערדה, זאָל ער זיין אַ פאַרטערער און אַ סאָנער;
איז הייליק אים זיין פאָלק — דאַרף ער טון און קאָנען,
ווי הייליק ס׳איז דער רוף פון פאָן — מיט איינן בלוט באַשריבן.

ס׳איז זיין באַגין — געבורט פון פרייען טענטש אין יידן,
און אָוונט ווערט, ווען אונטער האַק עס פאַלט אַ קאָפּ מיט ווירדע,
און אָנגעזיכט פון טויט. ווי די רויזן פייער-רויט צעבליטע, —
די פאָן — וועט פלאַטערן נאָכן זיג איבער היטלערס הידרעס...

זיין וואָרט — דאָס וואָרט פון פּראָסטן אַרבעטס־מענטשן,
נאָר ס'לייכט דורך נאַכט אַדורך, ווי ס'ליכט פון זיבן זונען —
שפּאַן איך מיט דעם גאַנג, איך הייליק און איך בענטש אים,
דעם טאָג, וואָס כ'האָב מיין וועג אין דער ריי געפונען...

אין לאָדזשער באַלוטס קעלערס, אויף בוידעמער פון וואַרשע,
אין ווילנער קרומע געסלעך, באַגלייט פון יידיש מאַמע־לשון.
אַ דורותדיק געבאָט: זיי פריי — איך האָב געירשנט
און אייביק, ווי דאָס ליכט, וואָס קיינמאָל ווערט פאַרלאָשן.

איצט זינקט די וועלט אין נאַכט, אין גרויליקן געפלינדער
און ימים בלוט פאַרפלייצן אַלע מיינע יידנס וועגן. —
מיין פאָן — מיט האָס פון מיינע זעקס מיליאָן פאַראַשטע קינדער
איך הויב זי אויף און טראָג די פייניקער אַנטקעגן.

איך זע אים איצט ווי דאַן — באַלאַגערט איז שוין וואַרשע.
מיט אַרבעטער־בריגאַדעס, יידישע, באַשיצט ער זיינע טויערן,
ווען איבער קאָפּ געטראָגן האָט שוין טויט דער היטלערישער קאַרשון
האָט ער זיין גלויבן נאָך אַ רגע נישט פאַרלוירן.

איך זע אים איצט ווי דאַן — דער הונגער מאַטערט, פייניקט,
נאָר פון דער מאַסע שעפּט ער, ווי פרישע קוואַלן — כוחות.
די שבועה, וואָס איז פון פאָן אַראָפּ — אין טאַט געאייניקט
אין די לעצטע ווערטער, פאָטערלעכע, צאַרטע, נחס. *)

ווי מיט אַ מעסער ס'האָט די צייט צעשניטן פון מיין היים מיך,
ווי ס'האָט דער טויט צעשיידט מיך מיט מיין טייערער מאַמען.
אין שאָטן פונם אָוונט, אונטער אלמא אַטינער ביימער
דער חלום ווינטלט מיך אין בענקעניש מיט אים צוזאַמען.

---

*) דער חבר נח — דער פאָרזיצער פון „בונד" אין פוילן.

ס'טונקלט דער פאַרנאַכט — אַ קאַזאַכסטאַנער זומער - מעשה,
ווי מענטשן - קעפּ עס זעען אויס די שאָטנס פון ציפּרעסן —
ער ווינקלט שטיל צו מיר, ווי דורך די שטערן ווייסע,
וואָלט ער דערמאָנט מיך, וואָס איך האָב פון לאַנג פאַרגעסן...

ס'געגענט צו מיר די צייט פון „רייפן" און פון „ווערן".
די פּראָפּאַריינען יידישע פון טישלער און פון מאָלער.
די סטרייקן, דעמאָנסטראַציעס, פּראָצעסן „פאַר געהערן",
איך טוליע זיי און צערטל אינם חלומס שטענגל שמאָלן.

עס קרייזלט אינם האַרץ, ווי אַ ליכטיק פּינטל
קרייזלט אינם אויג פון אַן ערשט פאַרליבטן.
און ס'יומטובט מיך דער דופּט פון אַ פאָנס אַ ווינטל
אין ערשטן מאַי - גאַנגס טריטן, חבריש אַ פאַרקניפּטן.

נאָר פּלוצלונג קומט אַ ווינט און צעטרייבט דאָס בילד מיר,
און כ'זע מיין היים אין לאַטעס געלע און אין געטאָס.
און ס'ברומט אין מיר, ווי מיט אַן אורקראַפט ווילדער
דאָס וואָרט: זיי פריי! ווי אַ וואָרענונג, ווי אַ וועטאָ.

איך שריי. און ס'דוכט זיך מיר עס זענען מיינע עכאָס,
דאָס ווידוי - קול פון מיינע גוססדיקע יידן.
וואָס האָט זיך דורך די געטאָ - ווענט אורכגעלעכערט
און לאַרעמט ווי אַ ים, אַ שטורעמיק-צעזידטער.

ער שריים דער ים און ס'שרייען מיט סירענעס לאַנדאָנס
אין אָוונטיקן ציטער ווי אין אַ טויטלעכער דערוואַרטונג. —
פון פענצטער זיינעם, ווי נאָכן קול — אַהער פאַרבלאָנדזשעט,
ווי צו די יידן זיינע בליקט פאַרזאָרגט ער — אַרטור.

עס האָט דער אָוונט, ווי מיט מײַלער אים אַהערגערופן,
ווייזן אים זיין חלום — זיין איינציקן באַגלייטער.
שטייט ער שטום. און וואַרשע זעט ער: לעצטע דאַרע גופים —
די רעשטלעך פון זיין פאָלק פאַרמשפּטע צו טויטן.

ער זעט: זיי פאַלן און זיי גייען, ווי איבער שווינדלדיקע שטאַפּלען
(ווי ס'פאַלט דעם אָוונטס לעצטע שיין אויף דעכער און קאַרניזן.)
און ס'עפנט זיך דער צער, וואָס רוט אין זיינע אויגן-אַפּלען:
די בענקעניש צו זיין צווישן יענע יידן-ריזן.

עס פייניקט אים אַ ווייטיק — פאַר די טעג פאַרלאָזטע,
דאָס זיין פון ווייט, ווען ס'פאָלק גייט אויס אין גרעסטע פּיינען.
ער בליקט אויפן הימל — די לבנה — אַ סערפּ, אַ פאַראָסטער
ווי מיט אַ טויטלעכן שימל וואָלט אַלצדינג באַשיינען.

עס קומען געדאַנקען און שטעלן זיך אויס ווי די שורות,
וואָס ווינקען און פרעגן: דו מענטשל, צי לוינט עס איינגאַנצן?
— צי איז דען נישט בעסער צו זיין פון דער מאַסע, ווי פירער?
נאָר פלוצים — פון דער פינצטערניש, ווי אויגן צוויי צעגלאַנצטע.

דער זייגער לייכט: די ווייזערס אויפן ציפערבלעטל
באַלייכטן גרין אין פאָספאָר-ליכט דאָס פנים.
פון דער פינצטער, זעט ער, הויבט זיך אויף צו אים און קלעטערט
אַ ייד אין פייער-בראַנד, געהילט אין רויטע פאָנען.

אַ ייד אין פלאַם. ווער איז ער, ווער? די מאַטע ליפּן שווייגן,
דער ווינט נאָר רוישט אין פאָנען-פאַלדישן געפלאַטער.
— און אפשר דאַרף איך דאָס זיין דער ייד? — טראַכט ער
שווער פאַרמאַטערט
און כ'דאַרף ווי ער, פון דער טיף זיך אויפהויבן און שטייגן.

ס'איז נײַנטע שעה פֿאַרבײַ. עס דאַרף באַלד װאַרשע רעדן
און הערן װעט ער באַלד די שטים פֿון יענע העלדן - יידן.
...„די אויסראָטונג גײט װײַטער אָן אָן אויפֿהער” צו יעדן...
ער קריצט די צײן און לאָזט דעם קאָפּ אַראָפּ אַ מידער.

מיט הענט צונויפֿגעקראַמפּטע קלאַמערט ער דאָס פֿענצטער-ברעטל,
װי ס'װאָלט געװען אַ פּונקט, אַ באַריקאַדע.
אַ חרפּה עסט אים אויף און דער פּײַן אים שמעטערט
— דאָס זײַן פֿון װײַט אַצינד און נישט אין דער בריגאַדע.

פֿון זײַנע פֿרײַנט, חברים פֿון די קאַמפֿס און חלום - יאָרן,
פֿון זײַן אידײ, װאָס האָט געגעבן אים אַ ציל, אַ גלויבן,
און איצט, װען ס'איז די שעה — האָט ער דעם שאַנס פֿאַרלוירן,
זײַן לעבן אין דעם קאַמף, װי אַ קעמפֿער אָפּצוגעבן...

...„די אויסראָטונג גײט װײַטער אָן”, די װערטער שפּרינגען
פֿון דער פֿינצטערניש אַרויס, װי לעבעדיקע מענטשן.
און פּלוצים דוכט זיך אים, ער הערט די „שבועה“ זינגען
און עמיצער, אַן אַלטער — שטראַלט פֿאַראויס, װי אין אַ בענטשונג

ער מאַכט די אויגן צו — דאָס פּנים שטרענג און מילד איז,
דעם חבר נ.ה. 'עט ער װידער, װי אין לעצטן אָװנט.
אין װאַרשע איז ער, ס'שװימען אויף צוריק די אַלטע בילדער:
די לעצטע נאַכט, די שײדונג און דער טיפֿער אומעט.

צי װעט ער קענען כאָטש אַביסל לינדערן די לײדן,
און רופֿן זײ צום קאַמף, װען קעמפֿן װעט מען דאַרפֿן?
עס פּײניקט אים אַצינד, װי דאָן אין שעה פֿון שײדן
װי ס'פּײניקט אים די נאַכט פֿון לאַנגע מעסערס, שאַרפֿע...

— ציִ האָט ער דאָן געמענט פֿאַרלאָזן וואַרשע, זיינע יידן?
— ציִ קען און מעג מען דען די צילן מעסטן אָדער וועגן?
— ציִ ווייסט דען ווער דעם פּרייז פֿון שכר־און־עונש־וועגן?
די פֿראַגן — יסורימדיק — אין זיינע בלוטן רוישן, זידן...

... „די אויסראַטונג גייט ווייטער אָן" — לעזט ער האַסטיק שווייגנד
נאָר פּלוצים אָט דער ייד; אין פּלאַם באַווייזט זיך ווידער
און מיט דער פֿאָן פֿון איבער ברענענדיקע הייזער, שטייגנד,
צו אים אַהער דאָ, לאָזט אַראָפּ זיך, נידערט, נידערט.

איצט זעט ער שוין דאָ — גלייך איינער קענגן צווייטן:
די אויסראָטונג — אַ דייטש. דער ייד, אין פֿאָנען־פֿלאַטער,
און ווי אַמאָל אין חומש - צייט — אַנטקעגן עשיום מלאך שטרייטן,
דער ייד, ווי יעקב קעמפֿט, כאַטש שוואַך און אָפּגעמאַטערט.

ער זעט די אַלט־באַקאַנטע וואַרשע'ר געסלעך, הייזער
פֿאַרלאָזענע, געהויקערטע, ווי מידע זקנים.
און ס'יאָגט און ס'שרעקט דאָס פֿינצטערע אַליין - זיין,
ווי אויסטערלישע סקעלעטן - קעפּ מיט ציינער.

זיי ציען זיך צו אים אין שטומען, טויטן שווייגן,
און צינדן זיך אין רויטן שיין פֿון נאָנטע שריפֿות.
אַ בוים, אַן איינציקער, מיט דאַרע, קרומע צווייגן,
צעבליט אַ ווינטל צווויט, ווי אַן אות, און מופֿת...

עס שאַרן שאָטנס זיך מיט פֿלינקע טריט ווי ווינטן
און ווערטער יידיש הערט ער רעדן שטיל - געהיימע.
עס פֿלאַמען פֿייער - צונגען אויף, ווי פֿאַקלען אָנגעצונדן
צעקנוילן זיך אין רויך פֿון נייפֿלדיקער אימה.

עס קראַכן לעצטע הייזער אינם רויך פון קרעכצנדיקע מינעס
און מישן אויס זיך אינעם פאַל מיט מענטשלעכע געשרייען,
עס שפּיגלט זיך דער טויט אין טויזנטער גרימאַסן - מינעס
אויף פּנימער פון מיינע ברידערס צאַנקענדיקע ווייען...

די געטאָ ברענט! צעשראָקענע עס לויפן אום אין וואַנזין — קינדער
און זקנים אוינן צייטיקט זיך דער טויט אין לעצטער שקיעה.
פון מיינע שוועסטערס בליקן נאָר, ווי אַ בייזער,
דראָענדיקער ווונדער,
צעשמייכלט די נקמה זיך ווי אַ רויטע רויז אין בליען.

דער אָנהויב מאַי מיט לינדע וועקנדיקע בונטע ווינטן,
ווי פון צווישן שטיינער שפּראָצט אַרויס אַ שטרויזל גרינסן —
אַזוי רייסן זיך צום קאַמף די ברידער מיינע און ווי קינדער
זיי פרייען זיך מיט יעדער ביקס, ווי מיט אוצרות, מיט געווינסן.

עס רייפט דער האַס, ווי ס'רייפט דער טויט אין הונגעריקע אויגן
פאַרביסן, ווי די שלאַנגען גייט דער לעצטער קאַמף אָן:
אַ קינד אַנטקעגן טאַנק, פלינק, ווי פייל פון בויגן,
ער לויפט און פאַלט צוזאַם מיט דייטשן אין זעלבע קראַמפּן.

אַ פרוי מיט אוינן ווילדע צווישן חורבות ציגל,
פאַרגנבעט, ווי אַ טיגער זיך מיט שאַרפע נעגל
צום דייטש, וואָס היט אַ הויז מיט ברענענדיקע שטיגן
און שטעכט אים טויט, פאַרשווינדט דערנאָך אין טונקעלע וועגן...

צוויי יינגלעך פלינק, ווי קעץ אויף בערג פון ברוך און גלאָזווארג
זאַמלען גילזן פון אויסגעשאָסענע קוילן;
אַ יונג — אַ ריז, געבוינן ווי אַ גייענדיקער באַרג
גראַנאַטן וואַרפט אין הוזשענדיקע גרוילן.

דורך לעכער פון אַ בוידעם קריכן יונגע העלדן
און ס'פייפן קוילן ווילד צווישן זייערע קליידער.
אַ פרוי פאַרוווּנדעט שווער, ווי אינם לעצטן העלדזען
צעשמייכלט מילד און מונטערט צו דעם קאַמף כסדר.

צוויי פרויען אויף די אַקסלען שמאָלע שלעפּן וועטען,
וואָס איז געפאַלן ערשט אין לעצטער, לעצטער רגע
און איינע קושט די טויטע אויגן, נאַסע ברעמען
די צווייטע מאַכט אים צו דאָס מויל וואָס אויפגעריסן איז
ווי צום פרעגן.

אויף טרעפּ און נידער — דייטשן — באַוואָפנטע פון קאָפּ ביז פיסנס
צו די העכסטע שטאָקן ציען זיך ראַנגלענדיקע יידן.
און ווען די לעצטע קויל אין אייגן האַרץ אַריין זיי שיסן —
צעשמייכלען זיי נקמהדיק, מיט שמאָלץ, צופרידן.

אָט זענען דייטשן שוין אין שיסעריי אויף לעצטע שטאָקן
און ס'שטייגט דער קאַמף אין היץ פון שרפענדיקע דעכער,
ווי אין אַ קנויל ער זעט: עס שלאָגט זיך קינד און ס'שלאָגט זיך זקן
און ווי זיי קומען אום אין פלאַם, וואָס רייסט זיך העכער...

אַזוי פון הויז צו הויז, פון דאַך צו דאַך אין שלאַכטן,
ער זעט, ווי וואַרשע זיין, עס קעמפט די יידן-געטאָ
און ס'רייסט אַ פּיין אַריין זיך אין זיין זען און טראַכטן
— די לעצטע בלוטנדיקע פראַגע וועגן סוף און שפּעטער...

און שוין ער זעט נישט קיינעם. קיין יידן און קיין דייטשן,
בלויז קנוילן רויך עס הילן איין די ברענענדיקע הייזער.
עס רייסן אים די אויגן און עס שטיקט אין האַלז דער רויט - שיין
און דער גרויל נעמט אַריין אים אין די נעגל פון אַליין - זיין.

ער טראַכט: אַ לעצטער ייד פון פוילנס ערד, נאָר איינער.
און דרייסיק דורות מי און גאָלדענע חלומות.
— איז ער פאַרמשפּט דען צו בלייבן, ווי אַ שומר?
עס ווערגט אַ טרער אים, נאָר ער קען נישט זיפצן, וויינען...

און נאָכאַמאָל ער קוקט. ער הערט. ס'איז שטיל, ווי אויף אַ קבר,
ווי ס'וואָלט דער טויט פאַרמאַכט דאָס לעצטע לעבנס-בלעטל.
כ'איז שטיל. די נאַכט גייט אויס. בלויז דער בוים ווי אַ מצבה,
ער ווינקט אַליין זיך ווי אַ סימן פון אַ שפּעטער...

און פּלוצים — קולות הערט ער, זינגענדיקע, שרייען
און קלאַנגען פון אָרקעסטערס הערט ער פרייליך שפּילן
עס שווימט אַרוים קראַשינסקי - פּלאַץ, קאַרוזעלעס דרייען
זיך אין ווילדן טאַנץ פון ליידנשאַפט און ווילן...

עס לאַכט און פרייט דאָס פּעבל זיך אין שיין פון שריפה
פון יידן - שטאָט, פון געטאָס אויסגייענדיקע לעצטע רגעס.
— עס פּייניקט אים אַ וויי, וואונדיקט, ער איז נישט תופס:
— די וועלט, די וועלט ווו איז? — די בלוטן שרייען, פרעגן.

ער קוקט אַראָפּ אין גאַס און זעט די גאַסן לאַנדאָנס,
אַלץ שלאָפט זיך שטיל אין מאַיק-דופטנדיקן דרימל.
און ס'לויפט זיין בליק אַוועק קיין ניו-יאָרק בלאָנדזשעט
און אַלע וועלט-שטעט זעט ער אויפן קלאָרן טאָגנדיקן הימל.

עס צינדן זיך די אויגן אָן ווי פראַגע-צייכנס,
און די ליפּן זיינע ווי פון הונגעריקע לייבן שרייען.
די וועלט פון עק ביז עק, זיי איילן זיך דערגרייכן
און שליידערן צו אַלע פעלקער אַ בלוטנדיקן: קין:

— ווי קענט איר שלאָפֿן רואיקע אויף די געלעגערס
און עסן אייער ברויט און טרינקען אייער וואַסער;
ער שרייט און סירינט פֿון אים דער שוויים אַ וואַרעמער אַ נאַסער
און די אויגן דראָענדע און בעטנדע זיי פֿרעגן:

— פֿאַרוואָס, אָ פֿעלקער פֿון דער וועלט, איר הערט נישט אונזער
שרייען,
איין שונא דאָך, וואָס וויל אונז אַלעמען פֿאַרניכטן, טויטן.
— און אפֿשר פֿרייען זיי זיך שטיל, וואָס מיר פֿאַרגייען,
— און אפֿשר קוועלן זיי און לאַכן פֿון אונזערע נויטן?

עס שטיקט די שאַנד, ווי הענט עס וואָלטן שטיקן, ווערגן,
אַ פּוסטקייט עפֿנט זיך, אַ לערקייט נעמט אַריין אים.
— איז טאַקע ליגנט אַלץ, דער שטילער חלום, ס'בענקען,
אַז ערד וועט זיין פֿאַר אַלע גלייך. דער מענטש וועט זי באַפֿרייען?

איז טאַקע אמת דען, אַז מענטש צו מענטש אַ וואָלף איז
און נישט קיין שוועסטער־האַרץ מיט מענטשלעכע געפֿילן?
—פֿאַרוואָס דען זענען אַנדערש מיר. מיר וואָלטן דאָך געהאָלפֿן
יעטוועדן שוואַכן פֿאָלק. מיט אייגן בלוט, זיין ווי צו שטילן.

— צי בלויז דען, וואָס מיר זענען קליין און שוואַך, מיר ווילן
די פֿריי פֿאַר יעדן מענטש, מען זאָל אים מער נישט שלאָגן?
— צי וויל ביי זיי איז גוף פֿאַראַן, ביי אונז — געפֿילן
און קעמפֿן ווילן מיר, וויל ג אָ ר נ י ש ט מיר פֿאַרמאָגן?

און פּלוצים — ווידער ניו־יאָרק — זעט ער פֿאַר די אויגן
און יידן צווי מיליאָן — עס שפּאַנען אין די גאַסן.
פֿאַרוואָס דען רוען זיי אין גלייכגילט איינגעבויגן,
און קענען נישט, ווי מיר, דעם שונאַ טויטלעך האַסן?

איז הייסט עס: שולדיק זענען אַלע די, וואָס שווייגן
און די וואָס שרייען — ברידער קען מען זיי אָנרופן.
פאַרוואָס דען זענען זיי פאַראַנען אַזוי ווייניק,
— נישט שיצן אונז אַביסל כאָטש מיט זייערע גופים?

ווי קענען זיי די קינדער זייערע קושן, האַלזן,
ווען אונזערע קינדער ברענען אויף די שייטער־הויפן?
פאַרוואָס דען וועקן זיי נישט אויף מיט די געוואַלדן,
מיט אייגן לייב און לעבן לעשן אונזערע שרפות?

און ווידער אַ געדאַנק, ווי אַ גרויסער ווייסער פויגל,
די פליגל אויפגעעפנט, פאַטשט אים בייז אין פנים:
— צי מעגסטו זיי באַשולדיקן, אַז דאָס גיין געבויגן,
עס הייסט: נישט העלפן אונז אין קאַמף אַקעגן שונאים?

און אפשר גלויבן זיי נישט, וואָס מיר אַלע ווייסן?
און פאַקטיש, איז דאָך שווער אַזעלכעס צו באַגרייפן.
— אַז נעמען מ'וועט אַ פאָלק פון זויגלינגס ביז צו גרייזן,
אומברענגען עס און שענדן אויף דעם ווילדסטן אופן? —

— נישט שולדיק זענען זיי, די יידן־ברידער מיינע
און זייער וו אָ ר ט, איז דאָך קיין מאַכט אַקעגן וואָפן.
אויב יאָ, צו וועמען ס'ברענט ווי גיפט מיין בלוטנדיקע טענה
צו זיי — צו די, וואָס קענען און וואָס ווילן נישט באַשטראָפן.

צו די, וואָס וווינען נאָענט מיט אונז פון דורות, שכנים.
צו די, וואָס מאַכן זיך פאַר טויבע, בלינדע, שטומע,
צו אונזער צער, צום פיין פון אונזער גוססדיקער אומה —
און זעען נישט און הערן נישט די טויטלעכע געוויינען;

זיי קענען דאָך באַשטראָפן אויף אַן ענלעכן אופן,
אויב נישט, דעם שונא וואָרענען, כל־זמן נישט שפּעט איז! —
פאַרוואָס דען שווייגן זיי? — און ווי באַזיגט, צעשמעטערט
צום לעצטן מאָל די פראַגע האַמערט אין די מידע שלייפן.

איז הייסט עס כולו חייב? אַז נישטאָ איז קיינער,
אויף אונזער ערד פאַר אונזער פאָלק זאָל יושר מאָנען? —
אַ וואָרט, וואָס ליגט אין יעדן טראָפּן בלוט און ביינער
דערוואַכט. ער מוז, ער וועט, דער וועלט דעם חוב דערמאָנען!

ער זעט דאָס בילד, וואָס פייניקט אים, ווען ער אַליין איז:
דעם לעצטן ייד פון פּוילן־לאַנד אין ברענענדיקע פאַנען —
אויף בערג פון טויטע שאַרבנס טרעט ער ווי אויף שטיינער
און ער אַליין איז עס דער לעצטער ייד, דער איינער, איינער.

— — — — — — — —

די נאַכט גייט אוים און ווידער הילט דעם הימל איין אַ פּאַגע
און נעמט אַריין אין זיך דאָס שלאָפנדיקע לאָנדאָן
— מיין טויט, וועט אפשר זיין אַ סיגנאַל־טרעוואָגע? —
עס פרעגן זיינע אויגן, ווי צום ייד געוואָנדן.

עס דוכט זיך אים: דער ייד צום פענצטער גייט ער, נענטערט
און אָט אין שטוב ער איז מיט אים, ווי אויג אויף אויג פאַרבליבן,
און ס'דוכט זיך אים: דער ייד ער לייענט אויפן קול די ווערטער
וואָס ס'האָט דאָס ראַדיאָ־טויל אין זיין טיף פאַרשריבן:

„די אויסראָטונג האַלט ווייטער אָן". די ווערטער ברענען,
ווי ליכט געצונדענע צוקאָפּנס פון אַ טויטן.
ער מוז, ער וועט עס זיכער טון, ער וועט עס קענען!
שוין צייט. ער נעמט צו לעצטער שעה, צו טאַט זיך גרייטן.

מיט פינגער ברענענדיקע ווינקט און רופט דער ייד אים,
ער גייט מיט אים אוועק אין אלט־באקאנטע געטא־ערטער.
נאר ס'לויפן נאך אים נאך און דעריאגן אים די ווערטער
און שלעפן אים צוריק אהער אין שטוב א מידן. — —

— — — — — — — —

עס רייסט דער טאג אריין זיך דורך די ליכט־גארדינען
און וועקן אויף פון שלאף דעם טיש, דאס בעט, די כלים.

— — — — — — — —

...א טויטן האט מען אים מיט זיין לעצטן בריוו געפונען
און ס'טרויערן די לעצטע ווערטער זיינע ווי אבלים.

„...און די אויסראטונג האלט ווייטער אן,אן אויפהער...

„...איך קאן נישט בלייבן שטיל. איך קאן נישט לעבן, ווען די רעשטלעך פון יידישן פאלק אין פוילן, וועמענס פארשטייער איך בין, ווערן אומגעבראכט. מיינע חברים אין ווארשעווער געטא זענען אומגעקומען מיט געווער אין האנט אין דעם לעצטן העראאישן געראנגל. עס איז מיר נישט געווען באשערט צו שטארבן אזוי ווי זיי, צוזאמען מיט זיי, אבער איך געהער צו זיי און צו זייערע מאסן־קברים.

„מיט מיין טויט וויל איך אויסדריקן דעם שטארקסטן פראטעסט קעגן דער פאסיוויטעט, מיט וועלכער די וועלט קוקט זיך צו און דערלאזט די אויסראטונג פון יידישן פאלק"

„...מיין לעבן געהערט צום יידישן פאלק אין פוילן און דערפאר גיב איך עס אים אוועק. מיין ווונטש איז, אז דאס ביסל, וואס וועט פארבלייבן פון די פאר מיליאן פוילישע יידן, זאל דערלעבן צו זען צוזאמען מיט דער פוילישער באפעלקערונג, די אויסלייזונג, וואס קאן פארווירקלעכט ווערן אין פוילן, אין א וועלט פון פרייהייט און אין דער גערעכטיקייט פון סאציאליזם."

איך לעז די לעצטע ווערטער אַרטורס און עס שרפען
די אויגן מיינע מיטן פלאַם פון זיינע לעצטע רגעס.
איך טראָג מיט הייליקייט מיין האַרץ אין ציטער אים אַנטקעגן
און שפּיל אויף אים מיין טרויער אויס, ווי אויף ווייַנענדיקע האַרפן.

עס רוישט אין מיר דער וואַלד פון דרייסיק דורות ייִד אין פּוילן:
ס'געלעכטער און ס'געוויין פון אַלטע, אַלטע זיידעס.
איך רוף זיי דאָ אַהער צו זיין דער שופט און דער עדות:
„אַז ווײ איז צו דער שיינקייט, וואָס אין דער ערד מוז פוילן".

אילי—קאַזאַכסטאַן 1944 — לאָדזש 1947.

# אינהאלט:

זייט

## יזכור ...


יזכור — 7
געבעט אין 1942 — 9
באַלאַדע פון מיין מאַמעס
יידיש בריוועלע — 10
19מער אַפּריל — 12
מיין מאַמע צינדט ליכט — 13
יידישע קינדער גייען צום טויט 15
מיר צינדן ליכט — 17
דער העלד — 18
אין די נעכט — 19
אַ סדר־נאַכט — 20
בדמיך חיי — 22
אַ קאַרטל פון געטאָ — 23
איר וועט אונז נישט
טאַרפּייניקן — 25
אין דער שטאָט פון פּראָפּ. גרעץ 27
אומעט — 28
אין געטאָ — 29
מיין פאָלק — 30
יצחק לייבוש פּרץ — 32
שלום־עליכם באַלאַדע — 34
מענדעלע מוכר ספרים — 35
אַ מעשה מיט אַ זיידן — 36
„ ריף “ — 39


## דאָס צוגעזאָגטע לאַנד


ירושלים — 45
ברענען פעלדער אין עמק — 47
צו דיין שער ירושלים — 48
כותל המערבי — 49
מיט ר' יהודה הלוין ביי
ירושלימער טויערן — 52
ויחמה 1936 — 54
יידן פון ווייטע לענדער — 55
צווישן טבריה און צפת — 56


זייט


נאַכט איבער צפת — 57
מעפּילים־ליד — 58
באר־שבע — 59
אַ ייד אין נגב — 61
אָפּשייד — 63
טרויער — 65
ותחזינו עינינו — 66
יידישער ים — 67


## מיין וועלט


מיין קינד — 73
יעדער מענש האָט אין הימל
זיין שטערן — 76
תפילה — 77
לידיקע שטובן — 78
אייז־ים — 79
ווייטע לידער — 80
דאָס ליד פון שוואַנגערע פרויען 84
שלאָפנדיק קינד — 85
די תפילה פון אַ קליינוווקסיק
מיידל — 86
צו בעטהאָווען — 87
קנאָספּן — 88
אַ ליבע־ליד — 89
ווען דו ווערסט טרויעריק — 90
בין־השמשות — 91
מלכתא שבת — 92
זונפאַרגאַנג אויפן ים — 94
ס'וועט זיין — 95
צום אַלטן בדחן — 96
קראַנקן־שוועסטער — 97
ביטול — 99
קאָמונאַרן־וואַנט — 100
פון דער פּאָעמע : לאָדזש — 101


## אַרטור זיגעלבוימס עקידה


פּאָעמע — 113